טאָכטער פון ר׳ אייזיק מעלצער, האָט מיט אירע קינדער עוסק געווען אין מסחר.

ר׳ נפתלי, אַ זון פון ר׳ אהרן, אַ יודע־ספר, דער יורש פון זיינע עלטערנס הויז און געשעפט, האָט זיך געפירט בדרך הישר, געטאָן צדקה וגמילות חסדים.

זיינע קינדער האָט ער דערצויגן לתורה והשכלה. זיין בכור, דוד, איז אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, זיין זון צבי איז געשטאָרבן יונג. דער דריטער זון, נתן, דער יורש פון הויז און פאָטערס מסחר, האָט אויך עוסק געווען אין פעלד־אַרבייט, דורך פרעמדע הענט. ער מיט זיין משפחה — צווישן די נאַצי־קרבנות.

ר׳ גרשון און ר׳ דוד, ביידע זין פון ר׳ אהרן קייש, יודעי־ספר, זענען נאָך אין זייער יוגנט אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע.

אַ איידעם פון ר׳ אהרן קייש, ר׳ יהושע שרענצעל, אַ תלמיד־חכם, וועלכער האָט עוסק געווען בתורה מיט עטליכע בחורים שלא על מנת לקבל פרס.

אַ זון פון ר׳ יהושע, ר׳ אייזיק שרענצעל — אַ תלמיד־חכם און משכיל — איז געשטאָרבן יונג. אַ איידעם פון ר׳ יהושע שרענצעל, ר׳ ישראל לייב פרייפעלדער, קולטוס־פרעזעס און ראַדניק אין שטאָט סקאַלאַ — אַ הייסער ציוניסט און ענערגישער אַרבייטער פאַר קק״ל און קרן היסוד. זיין טאָכטער נעמי (זיסל) און איר מאַן, אַרכיטעקט מר חיים פידערער — געפינען זיך אין תל־אביב.

אַ צווייטער איידעם פון ר׳ אהרן קייש, ר׳ בנימין דוב גאָלד, איז געווען פאסעסאָר אין אטיניער געגנד. זיין ווייב שרה איטע — אַ אשה כשרה מיט אַ סך מעשים טובים. זייערע זין אייזיק און חיים זענען געשטאָרבן יונג. נתן, יהושע און זאב זענען אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע.

אַ דריטער איידעם פון ר׳ אהרן קייש, ר׳ יצחק פרעהליך, אַ איידעלער איד, איז לויט באַרוף זייגערמאַכער. זיין זון, מרדכי קייש, אויך אַ זייגערמאַכער — געפינט זיך אין תל־אביב, פירט זיך ווי אַ כשר־פרומער איד און טוט צדקה.

אַ טאָכטער פון ר׳ יצחק פרעהליך, טובה, געפינט זיך מיט

אירע קינדער אין תל־אביב. איר זון ר׳ אהרן דוד פלינטנשטיין איז אַ איידעם פון דעם קאָפּטשיניצער רבי אדמו״ר ר׳ אברהם יהושע העשל און געפינט זיך איצט אין ניו־יאָרק. איר צווייטער זון נפתלי איז בריליאַנטן־שלייפער.

דער פערטער איידעם פון ר׳ אהרן קייש, ר׳ ישראל שטאַדלער, דער מאַן פון דער יונגסטער טאָכטער טובה, געוועזענער פאַכטער פון דער פּאסעסיע טוליקאָוו ביי זאַבלאָטאָוו און שפּעטער פון אַ פּאַסעסיע אין אַ דאָרף ביי סערעט — ער האָט געפירט אַ כשרע אידישע הויז מיט צדקה און הכנסת־אורחים. נאָך דער ערשטער מלחמה האָט ער אין סאַדיגוראַ געעפנט אַ האָלץ־לאַגער.

די קינדער פון ר׳ ישראל און טובה, נתן און יהושע שטאַדלער, מיט זייערע שוועסטער פרידע און גיטל — זיינען מעבל־פאַברי־קאַנטן אין אַמעריקע. די טאָכטער חנה מיט איר מאַן דוד שטערנ־בערג — זיינען דא אין תל־אביב.

דער צווייטער זון פון ר׳ נתן קייש, ר׳ דוד, איז געווען פון די אָנגעזעענע אידן, פול מיט תורה און בילדונג; זיין ווייב דבורה איז פון אַ זייער חשובער משפחה פון בוקאָווינע. זיי האָבן געהאַט אַ גרויסע שניט־קראָם. נאָך ר׳ דוד׳ס טויט (ער איז יונג געשטאָרבן) האָט די קראָם געפירט זיין ווייב דבורה.

זייער איינציגע טאָכטער איטאַ האָט חתונה־געהאַט מיט אַ זון פון אַ נגידיש מיוחסדיג הויז, מיט ר׳ זיינוויל כהנא פון סיגעט. זיין פאָטער, ר׳ חיים, איז געווען אַ גרויסער וואַלד־און האָלץ־סוחר, אַ איידעם פון הרב ר׳ יהודה מודרין (אַ תלמיד פון הרב ר׳ משה סופר פון פרעשבורג).

לזכרון פון איר מאַן ר׳ דוד האָט די אלמנה דבורה קייש מנדר געווען פאַר דער קאָסאָוער קלויז די גאַנצע איינריכטונג, חוצדעם דעם ארון־קודש, דעם שולחן, דעם עמוד, ווי אויך די תכשיטים פון זילבער פאַר די ספרי־תורות. אויף דעם עמוד איז געווען אויס־געקריצט: „הישר באדם גוע״. אָט דער „פרט״ באַטרעפט דאָס יאָר תרמ״א. זיין פאָטער, ר׳ נתן קייש, איז נפטר געוואָרן אין יאָר תרמ״ח, זיין ברודער ר׳ אהרן — אין יאָר תרנ״ו.

ר׳ זיינוויל כהנא איז נאָך זיין שוויגערס טויט אויסגעוואַנדערט מיט זיין טאָכטער פריידע און זון יהודה קיין אַמעריקע; יהודה איז דאָרט אַ באַנקיר.

ר׳ שלמה שוסהיים, אַ באַוואוסטער „מגיד", האָט מיט זיינע דרשות צוגעצויגן אַ גרויסן עולם, וואָס האָט פריער פאַרבראַכט די שבתים אין אַרומדרייען־זיך אויף די גאַסן און קנאַקן דינע־קערלעך. מיט זיינע דרשות האָט שוסהיים דערוועקט אַ געפיל פאַר דברי תורה, ווי אויך פאַר ציון און „מזרחי".

נאָך עטליכע יאָר האָט ר׳ שלמה שוסהיים פאַרלאָזן זאַבלאָטאָוו און איז אַריבער קיין סטאַניסלאַוו. זיין זון א. ל. שוסהיים, איינער פון די ערשטע פועלי־ציון און רעדאַקטאָר פון „אידישן אַרבייטער" און „איד", איצט רעדאַקטאָר פון אַ וואָכן־צייטונג אין אַרגענטינע.

ר׳ שמואל לאַנדוי, אַ איידעם פון ר׳ איצי ברעטלער פון קאָלאָמיי — אַ תלמיד־חכם און משכיל, פאַכטער פון דער שטאָט־פראָפּינאַציע בשותפות מיט ר׳ ישעיהו ברעטלער, אויך אַ חשובער איד. ר׳ שמואל און ר׳ ישעיהו האָבן זיך פאַרנומען אויך מיט שטאָט־טישע ענינים. די קינדער פון ר׳ שמואל ווי אויך די פון ר׳ ישעיהו — אַלע וואוילגעלערנטע. ישעיהו׳ס זון, משה, אַ גרויסער האָלץ־סוחר אין זאַבלאָטאָוו.

ר׳ שמואל לאַנדוי איז יונג געשטאָרבן, זיין ווייב קריינצי האָט דאַן התונה־געהאַט מיטן גביר ר׳ שמריהו מעלצער פון סקאַלאַ.

קריינציס אייניקל איז דורך קפריסין געקומען קיין א״י.

ר׳ שמואל טוי — אַ יודע־ספר — האָט געפירט אַ גרויס גויאישע קראָם אויפן רינגפּלאַץ און פאַרליען געלט אויף פּראָצענט. זיין זון, ר׳ דוד — געלט־פאַרלייער און האָלץ־סוחר.

דער צווייטער זון, ר׳ הערש טוי — אַ משכיל; זיין ווייב פייקי — אַ איידעלע, געבילדעטע פרוי פון סטאַניסלאַוו. דוד, אַ זון פון הערש און איידעם פון ר׳ אידל זינגער — געפינט זיך מיט זיין משפחה אין הרצליה, און איז עוסק מיט לאַנדווירטשאַפט.

אַ איידעם פון ר׳ שמואל טוי, ר׳ מיכל ערנסט, אַ למדן פון חשובער משפחה פון קאָסאָוו, האָט געירשנט זיין שווערס הויז און

געוועלב און געפירט דאָרט אַ לעדער־געשעפט. ער האָט זיך אויפ־געפירט ווי אַ פרומער, כשרער איד און זיינע קינדער מגדל געווען צו תורה והשכלה.

זיין זון ר׳ אנשל — אַ תלמיד־חכם, אַ איידעם פון ר׳ דוד קליר פון טשערנאָוויץ. אנשל האָט מיט עטליכע בחורים געלערנט גמרא, שפּעטער איז ער מיט זיין משפחה אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, צוריקגעקומען קיין זאַבלאָטאָוו און דאָרט געשטאָרבן; זיין זון פישל — אַ מעדיצין־דאָקטאָר אין ניו־יאָרק.

ר׳ שמחה שוחט שעכטער, אַ איד אַ תלמיד־חכם וואָס האָט זיך מייחס געווען אַלס אַ אייניקל פון בעל־שם־טוב, האָט געהאַט אַ גוט האַרץ, ער איז ניט געגאַנגען צו מיטאָג און נאַכטמאל אָן עטליכע אורחים, אַמאָל אפילו מיט אַ גאַנצן „מנין״. מאַנכע אויך געגעבן נאַכטלעגער ביי זיך אין הויז.

זיין בן יחיד, ר׳ מרדכי׳לה — אַ תלמיד־חכם מיט אַלע מעלות פון זיין פאָטער; ער מיט זיין משפחה האָט געלעבט מיט די עלטערן אין זייער הויז.

ר׳ מרדכי׳ס זין, ר׳ משולם און ר׳ יהושע, זיינען געווען אידן תלמידי־חכמים און משכילים. ר׳ משולם — בוכהאַלטער, שפּעטער געפירט אַ גרויסע פאַפּיר־האַנדלונג אין ווין, וואו ער איז געשטאָרבן.

דער צווייטער זון, ר׳ מרדכי׳ס, ר׳ יהושע, איז אויסגעוואַנ־דערט קיין אַמעריקע.

אַ איידעם ר׳ מרדכי׳ס, ר׳ גרשון, איז געווען תחילת דיין, שפּעטער רב אין בוקאָווינע.

אַ איידעם פון ר׳ שמחה שוחט, ר׳ הירש גרוס, — אַ שוחט, למדן, און אויך ידען אין אידישע חקירה־ספרים. ר׳ דוד הירש האָט תמיד געלערנט מיט בחורים גמרא און ספרי־מחקר ווי „עקדת יצחק״ וכדומה, אָן שכר־לימוד.

זיין זון זעליג גרוס, איינער פון די טעטיגסטע ציוניסטן אין שטאָט און כלל־טוער, אַ צייט אויך לערער אין בית־ספר־עברי אין זאַבלאָטאָוו. די טאָכטער סוני (יונה) געפינט זיך אין „נבר״ מיט איהר מאַן יוסף קופערמאַן און זון משה׳לי.

## בועזים *)

ר׳ אליהו ריישער, באַזיצער פון אַ גרויס הויז אין שכנות פון דער באַן־סטאַציע, מיט אַ גרויסן פלאַץ פאַרן „גורן״ און מחסנים פאַר תבואה. זיין זון יהודה האָט זיך באַשעפטיגט אינאיינעם מיטן פאָטער און איז דאַן געווען זיין יורש. ר׳ אליהו׳ס איידעם, ר׳ הלל גאָלדשטיין, אַ תבואה־סוחר, באַזיצער פון גרויסן הויז, וואָס איז פריער געווען אַ אייגנטום פון שלמה איצי מימאלעס (וואָס אַ פּאָליאַק האָט אים דערהרגעט). ר׳ הלל איז געווען אַ ציוניסט און אַ עוסק בצרכי ציבור.

ר׳ יחזקאל ריישער, אייגנטימער פון א גרויס הויז אין דעמיטש מיט אַ אכסניה און אַ שענק. זיינע פעלדער זענען בעאַרבעט געוואָרן דורך גויישע אריסים.

ר׳ יהודה הירש ראָזענבוים און זיין זון מרדכי —ביידע באַזיצערס פון אַ גרויס הויז ביים רוטענישן קלויסטער. זיי מיט זייערע קינדער האָבן זיך באַשעפטיגט מיט פעלד־אַרבייט. ר׳ גרשון, ר׳ יהודה הירשס זון, איז געווען אַ יודע־ספר.

ר׳ יעקב יוסף טוי — באַזיצער פון אַ גרויס הויז און אַ גרויסן גאָרטן, אויך פערד און וואָגן. פעלד האָט ער געהאַט בלויז עטליכע מאָרגעס. ער אַליין האָט זיך ביים פעלד ווייניג באשעפטיגט. זיין הויפט־התעסקות איז געווען די קאָסאָווער קלויז, וואו ער האָט פאַרבראַכט די צייט אין בטלנות, אויך מיט אַריינקוקן אין אַ ספר.

זיינע זין לייב, ישעיהו און סנדר האָבן געאַרבעט ביים פעלד און כדי יוצא צו זיין, איז ר׳ יעקב יוסף אַ מאָל געקומען אַ קוק טאָן צו די קינדער און די גויישע פועלים.

ר׳ יעקב יוסף איז געווען אַ הייסער קאָסאָווער חסיד. זיין הויז האָט אַ צייט לאַנג געדינט פאַר אַ קאָסאָווער קלויז, אָן באַצאָלונג. נאָכן אויפבויען פון דער קלויז, איז ער דאָרט כל ימיו געווען גבאי. ער איז געווען פון די ערשטע וואָס קומען אין קלויז, און פון די

*) דאָס הייסט אידן וואָס באַשעפטיגן זיך מיט לאַנדווירטשאַפט, אַליין אָדער דורך איבערגעבן זייערע פעלדער צו גויים „אריסים״, פאַר אַ חלק פון דער תבואה.

לעצטע וואָס פאַרלאָזן די קלויז שפּעט אין אָוונט. זיין זון סנדר האָט גיערשנ׳ט דאָס גבאות אין קאָסאָווער קלויז.

ר׳ יעקב לויב, בעל־בית אין דעמיטש מיט אַ סך פעלדער, וועלכע זענען פון גויישע פּועלים באַאַרבעט געוואָרן. זיינע זין איציק (ר׳ חיים זימל זינגערס איידעם) און משה האָבן זיך מיט דער פעלד־אַרבעט באַשעפטיגט.

אַ איידעם פון ר׳ יעקב לויב, ר׳ פּרץ זיסמאַן, באַזיצער פון אַ שיינעם הויז און אַ גרויסן האָלץ־לאַגער, אַ משכיל און אָנגעזען אין שטאָט. אין דער ערשטער מלחמה איז ער מיט זיין משפּחה אַנטלאָפן קיין ווין. ער האָט אין דער ווינער געגנט געקויפט אַ וואַלד מיט אַ ברעט־זעג און איז רייך געוואָרן. ער איז אין ווין געשטאָרבן.

ר׳ לעזער (אליעזר) שטאַהל, אַ איידעלער איד מיט אַ גרויס הויז אין דעמיטש, באַזיצער פון פעלדער וועלכע זענען באַאַרבעט געוואָרן דורך גויישע אריסים. זיין שוואָער, ר׳ אלתר שלמה יצחקס, הגם אַ שטאַרק באַיאָרטער זקן, פלעגט ער דאָך זיין יום כפור דער שליח־ציבור אין קאָסאָווער קלויז. דערצו איז ער ניט געווען אַ קאָסאָווער חסיד, נאָר אַ וויזשניצער („חזקה״ איז מסתמא שטאַרקער אפילו פון חסידות).

ר׳ לעזער שטאַהלס איידעם, ר׳ איצי פּיסטינער, איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אויפגעשטעלט אַ שענע לייוונט־פאַבריק אין שטאָט. אין אָט דער פאַבריק האָבן עטליכע מיידלאַך באַקומען באַשעפטיגונג. די פאַבריק איז שפּעטער פאַרקויפט געוואָרן צו עקיבא סופר און אהרן און יהודה רובין. נאָך אַ פּאָר יאָר איז זי אָפּגעשטעלט געוואָרן.

ר׳ מרדכי הירש פויגל — באַזיצער פון אַ גרויס הויז אין שכנות פון דער באַן־סטאַנציע מיט אַ גאָרטן און מחסנים פאַר תבואה, פערד און כלי־עבודה פאַר לאַנדווירטשאַפט.

זיינע פעלדער זענען טיילס דורך זיינע קינדער באַאַרבעט געוואָרן, און אויך דורך גויים, אריסים. ר׳ מרדכי הירש איז געווען אַ קלוגער איד און אַ תלמיד־חכם, האָט יעדן טאָג עוסק געווען בתורה. ער האָט אויך געהאַנדלט מיט גויים און געגעבן הלוואות

אויף פראַצענט. ער איז אַ מאָל מיאוס אַריינגעפאַלן און האָט פיל געליטן.

זיין זון זיינוויל — אַ שותף צום פאָטערס מסחר — אַ איידעלער איד; ר׳ מרדכי הירש פויגלס איידעם, ר׳ לאַזל שטיין — אַ פיינער מענטש.

ר׳ משה הירש גרייף, באַזיצער פון אַ גרויס הויז אויפן רינגפלאַץ, אין שכנות פון די בתי־מדרשים. אין הויז אַ פלאַץ פאַר תבואה און פאַר פערד און וואָגן. די שכנים און די מתפללים פון די שכנותדיגע בתי־מדרשים, האָבן אויף אים געהאַט גרויס תרעומה, ווייל ער האָט פאַראומריייניגט די סביבה, אָבער די שטענדיגע אויפ־רעגונגען מיט אים האָבן גאָרניט געהאָלפן.

אַ זון פון ר׳ משה הירש גרייף, יחיאל — אַ משכיל און בעל־תנ״ך. ער איז אַלס בחור געשטאָרבן. די משפחה איז געווען לונגען־זיכטיג, זיין מוטער און יונגער ברודער יהושוע זענען אויך אויף לונגען־קרענק געשטאָרבן.

ר׳ משה הירש איז אויך אַ צייט געווען פעכטער פון פאַראָם, די „סירה״ וועלכע פירט אַריבער איבערן פרוט מענטשן, בהמית און עגלות (איידער די בריק איז געבויט געוואָרן).

ר׳ משה הירשס דריטער זון, ברוך, איז אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, האָט זיין פאָטער אויף דער עלטער געבראַכט צו זיך, וואו ער איז געשטאָרבן.

אַ שוואָגער פון ר׳ משה הירש גרייף, זיידע (מרדכי), אַ זון פון דער אלמנה ויצי (אָדער וויקי), אַ געבילדעטער מענטש, איז פלוצים פון דער שטאָט פאַרשוואונדן. אין אַ צייט אַרום איז מען געוואָר געוואָרן, אַז זיידע געפינט זיך אין לאָנדאָן ביי די מיסיאָנערן: אַ חברה משומדים האָט אים פאַרפירט און איז געוואָרן אַ טעטיגער מיטגליד ביי די מיסיאָנערען אין לאָנדאָן.

די אלמנה ויקי און איר משפחה, האָבן געזוכט מיטלען, אים פון דאָרט צו ראַטעווען, די אלמנה האָט קברים געריסן, מתים גע־וועקט, זי איז צו רביים מיט פדיונות אַרומגעפאָרן, און אירע תפילות האָבן דאָך געהאָלפן: אין אַ שענעם טאָג האָט זיך איר זון

זיידע אומפּאַרהאָפּט באַוויזן אין ויציס הויז. אַ שׂכחה און אַ גדולה ביי אַלעמען (זיידע איז ווידער אַ איד, די אידישע נשמה איז ניצול געוואָרן).

די שמחה האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט. אין אַ קורצער צייט אַרום ווערט זיידע קראַנק, אַ חולה מסוכן, און שטאַרבט באַלד אַוועק. פרומע לייט און ווייבער האָבן אויסגעלייגט זיידעס פּלוצימ־דיגן טויט אַלס אַ עונש מן השמים. אַנדערע האָבן עס דערקלערט אויף אַזאַ אופן: היות זיידע איז ביי די מיסיאָנערן געווען אַפּאָסטאַג־ראַפירט, האָבן די מיסיאָנערן מיט כישוף די פאָטאָגראַפיע פאַרסמט און פאַרברענט, און דאָס האָט זיידען אין זאַבלאָטאָוו דערהרגעט.

יונגע לייט אָבער, איינגעבילדעט אַז נאָר זיי זענען די חכמים און אַלטע פאַרשטייען שוין מער גאָרניט, האָבן אויסגעלייגט זיידעס מיתה חטופה אויף דעם אופן: היות זיידעס משפחה זענען אַלע לונגן־קראַנקע, זיין פאָטער און זיינע שוועסטער זענען אויף לונגן־זוכט געשטאָרבן, אַזוי איז אויך זיידע, וועמען די שלעכטע, נאַסע לופט אין לאָנדאָן האָט נאָך פיל געשאַדט, געוואָרן לונגן־זיכטיג; און זעענדיג, אַז ער איז אַ הולך למות, האָט ער באַשלאָסן, איידער צו שטאַרבן אַ גוי אין לאָנדאָן, איז בעסער חוזר בתשובה צו זיין, צוריק זיך אומקערן צום דה ישראל און צו זיין היים, און שטאַרבן אַלס איד און קומען צו קבר ישראל.

ר׳ נטע טוי, זון פון ר׳ מרדכי (מיטן צונאָמען מרדכי לאָקש), באַזיצער פון אַ גרויס הויז אויפן רינגפּלאַץ, מיט אַ גרויסן הויף און מחסנים, אַ שטאַל פאַר פערד און קי. נטעס זון, כתריאל, האָט מיט־געאַרבעט ביי די פעלדער פון פאָטער און איז אויך געוואָרן זיין יורש.

ר׳ מרדכי, נטעס פאָטער, אַ זקן, אַ גרויסער כעסן, איז אַ לאַנגע צייט געווען גבאי אין אַלטן בית־מדרש; גאַנצע טעג, פון פריה ביז שפּעט אין די נעכט, איז ער געזעסן אין בית־מדרש און אַריינגעקוקט אין אַ ספר.

אַ שווערע מלחמה האָבן די בית־מדרש־בחורים געפירט מיטן גבאי וועגן אַ חלב׳נע ליכטל אין די לאַנגע ווינטער־נעכט. אָט דעם אוצר פון ליכט האָט ער געהאַלטן פאַרשלאָסן. מיט שווערער מי

איז געלונגען, ביי אים אַרויסצובאַקומען אַ ליכטל, מ'האָט באַדאַרפט באַווייזן, אַז מען באַנוצט עס נאָר צום לערנען (ניט ווי אַ טייל אָפּט צו אַ ציגל־וואַלף אָדער אַ שאַך־שפּיל).

ר' שמואל ליבער האָט געהאַט אַ גרויס הויז אין דעמיטש מיט אַ פּלאַץ פאַר מחסן תבואה און אַרבעטס־כלים פאַר זיינע פעלדער, וועלכע גויישע אַרבעטער האָבן באַאַרבעט.

ר' שמואל, אַ ריכטיגער „בועז" אין גוף און נפש, האָט געטאָן אַ סך צדקה, און יעדן טאָג געלערנט אַ בלאַט גמרא אין קלויז קאָסאָוו.

זיין זון, ר' משה ליבער, אַ תלמיד־חכם ויראַ־שמים, איז געווען דער יורש פון פאָטערס הויז און מסחרים. חוץ זיין עוסק זיין בתורה, האָט ער אויך עוסק געווען בצרכי ציבור, ער איז געווען צווישן די וואָס האָבן געגרינדעט די „תלמוד־תורה".

ר' שמואל ליבערס אַ איידעם, ר' זאב (וועלוול) — דער מאַן פון זיין איינציגער טאָכטער פעסי, אַ כשרע אידישע טאָכטער מיט אַ גוט האַרץ צו העלפן אָרימע לייט.

ר' וועלוועלי (זאב) העניש, אַ זון פון לומדי־תורה און פרומע עלטערן אין קאָלאָמיי, איז געווען אַ למדן מופלג בתורה, גאַנצע טעג און נעכט געלערנט אין קלויז קאָסאָוו, געהאַלטן שעורים מיט עטליכע בחורים אין גפ"ת, אָן צו נעמען שכר. חוצדעם האָט ר' וועלוועלי געשריבן חידושי־תורה צום דרוקן (די כתבים זענען צום באַדויערן געגאַנגען פאַרלאָרן). ר' זאב איז ביי אַ אָפּעראַציע אין ווין יונג געשטאָרבן און האָט צוריקגעלאָזן אַ יונגע אלמנה מיט צוויי קליינע קינדער. לומדי־תורה האָבן געזאָגט: ווען ר' וועלוועל וואָלט ניט אַזוי יונג געשטאָרבן, וואָלט ער געווען איינער פון די באַדייטענדע רבנים.

אַ זון פון ר' זאב העניש, איז מאיר, דער באַוואוסטער זשורנאַליסט און מיטאַרבעטער פון מערערע צייטונגען און זשורנאַלן אין עברית, אידיש און דייטש. ער האָט אויך אַליין רעדאַגירט צייטונגען אין די דערמאָנטע שפּראַכן. אין ווין איז ער געווען דירעקטאָר פון דער דזשאָינט־באַנק, זייער אַקטיוו אין ציבורישע ענינים, און מיט־

אַרבעטער אין אַלע צענטראַלע ציוניסטישע מוסדות.

ר' מאיר הענישֹ איז אַ מיטגרינדער פון דעם „הפועל־הצעיר — התאחדות" אין עסטרייך.

איצט געפינט זיך ר' מאיר מיט זיין משפחה אין תל־אביב; אַ חוץ זיין באַשעפטיגונג אַלס רואה־חשבון ביי אַ וויכטיגן מוסד איז ער אויך טעטיג אין ציבורישע ענינים.

ר' נתן טוי, אַ בעל־הבית מיט אַ גרויס הויז אין דעמיטש, האָט זיינע פעלדער באַאַרבעט מיט זיינע קינדער, און מיט פועלים גויים.

## בוי־מייסטערס

אין זאַבלאָטאָוו זענען כמעט אַלע הייזער געוועזן געבויט פון האָלץ. די בוימייסטערס, — לויטער אידן: ר' נתן פוקס מיט זיינע פינף בנים (אייזיק, משה, יעקב, אברהם און דאָס מוזיניקל שבתי — שטאַרק און הויך ווי אַ דעמב), אַלע גבורים און גוטע מייסטערס.

ר' נתן און זיינע זין, אייזיק, יעקב און אברם, זענען געווען אַ צייט גבאים אין דער גרויסער שול און געמישט זיך אין קהלשע ענינים, מייסטנס ביי דער חברה קדישא און ביי די „נושאי המטה"; דאָרט איז אברם געווען דער כל־ולך.

דער בוימייסטער ר' ברוך זינגער — אַ גוטער פאַכמאַן, אַ שטילער רואיגער מענטש, באַליבט ביי אלעמען.

אַלע האָבן אויך געבויט ביי ניט־אידן, מייסטנס ביי גוט־באַזי־צערס.

## בלעכערס

ר' דוד רויזנבוים — אַ כשרער, פרומער איד, האָט געלערנט אַ פרק משניות און זיך געפירט בדרך החסידות. זיינע זין און איידעמס — לומדי תורה; איינער פון זיי, ר' בנימין ישראל, אַ מלמד פון גפ"ת.

דער צווייטער זון פון ר' דוד, יעקב מיכל, אַ באַדייטענדער געוועלבער אין האָראָדענקאָ.

דער צווייטער בלעכער, איסר גלאָגער — אַ זון פון דעם טישלער ר׳ אברהם .

## בעקערס

ר׳ מאיר דונסט — זיין באַק־אויוון אין אייגענעם הויז אין דעמיטש. זיין זון וועלוול האָט גוט געלערנט אַ בלאַט גמרא, איז געווען אַ משכיל. ר׳ מאירס צווייטער זון, מיכל, אויך אַ בעקער, דער יורש פונם פאָטערס הויז.

ר׳ מאיר דונסט איז ביים באָדן־זיך אין אַ זומער־טאָג דער־טרונקן געוואָרן.

זאב און מיכל דונסט זענען ביידע אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע.

## גבאים:

ר׳ לוי סאַלפעטער, אַ הויכער, גאַנץ אַלטער איד, באַהאַוונט אין ספרי־רבנן, איז אַ סך יאָרן געווען גבאי (משמש בקודש) ביים אדמו״ר ר׳ דודקי, דערנאָך אַ קליינע צייט, ביז זיין טויט, ביי ר׳ יעקלי. ער האָט זיך תמיד אויסגעצייכנט מיט זיינע שענע, אינטערע־סאַנטע מעשה׳לאך וועגן אַמאָליגע צדיקים.

זיין זון, ר׳ שלמה לוי׳ס, איז כל ימי חייו געווען גבאי ביי ר׳ מנדלי דעמיטשער. אַ איד אַ הויכער, ווי זיין פאָטער, און אַ יודע־ספר.

אַ זון פון ר׳ שלמה לוי, ר׳ אליעזר, — אַ געלערנטער און שענער מנגן ביי די „טישן״ (סעודות שבת ויום־טוב) פון ר׳ מנדלי דעמיטשער. ער איז אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. דער צווייטער זון פון ר׳ שלמה לוי׳ס, שמעיה סאלפעטער — גוטער ציוניסט און כלל־טוער.

אַ איידעם פון שלמה לוי׳ס, ר׳ אליעזר מלמד, איז מיט זיין ווייב ביילע אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע.

ר׳ יהודה וואָלף האָפמאַן — אַ גבאי ביי ר׳ יעקלי און ביי זיין זון ר׳ מנדלי. זיינע זין זענען געווען סוחרים.

### גאַסט־הייזער, רעסטאָראַציעס וכדומה

כמעט אין יעדן צווייטן הויז פון דער שטאָט איז געווען אַ שענק, אַ אכסניה, אָדער אַ געוועלב. פון אָט די מקורות האָט די באַפעלקערונג געצויגן איר פרנסה.

### ראשית־כל — די ירידים

אַלע דינסטאָג איז געווען וואָכן־יריד, ווען דאָרפס־פויערן פון דער סביבה פלעגן ברענגען זייערע פּראָדוקטן און בהמות צו פאַרקויפן. אַ פאָר מאָל אין יאָר איז געווען יאָר־מאַרק, איינער פון זיי, אין אָסיען־צייט, פלעגט דויערן דריי טעג. צו אָט דעם יריד האָט מען געבראַכט סטאַדעס מיט בהמות פון די פאָלעניעס, אָקסן, פערד, שאָף. גרויסע סוחרים האָבן געקויפט אָקסן פאַר עקספּאָרט קיין ווין און בערלין. גוט־באַזיצערס און ברענערייען האָבן געקויפט אָקסן צו שטאָפּן מיט זייערע קאַרטאָפּעל און מאַלץ.

חזירניקעס האָבן געקויפט חזירים, תבואה־סוחרים — תבואות וכדומה.

### אַ צווייטער מקור־פרנסה — די טאַבאַק־פאַבריק

זקנים האָבן דערציילט, אַז די טאַבאַק־פאַבריק איז געבויט געוואָרן אין דער צייט פון דער קייזערין מאַריאַ טערעזאַ. תחילת גאָר אַ קליין פאַבריקל אין דעמיטש, מיט דער צייט האָט זי זיך אַלץ פאַרגרעסערט און איז אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסער שטאָט מיט צענדליגער געביידעס און הייזער פאַרן פערסאָנאַל, פאַר שומרים, רעוויזאָרן (פינאַנץ־וואַך), מאַגאַזינערס, אַ אייגענע תפיסה, אַ מעדיצינישע אַמבולאַנץ וכדומה.

מיט דער צייט האָבן אויך די גוט־באַזיצערס און דאָרפס־פויערן זיך אויסגעלערנט דעם פאַך צו פלאַנצן טאַבאַק. דאַן איז אויך געוואַקסן די אַרבעטער־צאָל אין דער פאַבריק ביז אַ ערך 800—1000. די אַרבעטער, מייסטנס געזונטע פויערן און שיקסעס. אַ אידישער פוס האָט דאָרט קיין צוטריט ניט געהאַט. ערשט תחילת 1900 האָבן אידן דורכגעזעצט, אַז די פאַבריק זאָל אויך באַשעפטיגן אַ צאָל פון

30—40 אידישע מיידלאַך; אָבער ס׳רוב האָבן באַלד פאַרלאָזען די אַרבעט. פונדעסטוועגן האָבן פיל אידן געצויגן שפע פון דער טאַבאַק־פאַבריק, נעמליך, געוועלבערס, שענקערס, ליפעראַנטן פון ברען־האָלץ, קוילן, און קעסטלאַך. דער הויפט־אונטערנעמער, ר׳ איצי מימאַלעס, האָט געהאַט די אויפגאַבע צו ברענגען די סחורות פון דער באַן־סטאַנציע און אַרויסצופירן זיי צו דער באַן־סטאַנציע.

## נאָך אַ מקור־פרנסה — דער פּאַסאַזשירן־און־משא־פּאַרקער

גרויס איז געווען דער וואָגן־פּאַרקער, מיט פאַרשוינען און משא צווישן נאָנטע און אויך ווייטע ערטער. דער באַן־פּאַרקער איז נאָך געווען שוואַך, דערצו טייער און ניט אָפּט.

פאַר די אַלע דריי צווייגן האָט מען געברויכט שענקען, רעס־טאָראַציעס און גאַסט־הייזער. אין די ווינטער־חדשים דעצעמבער—פעברואר האָבן אַ סך צענדליגער עגלות און שליטנס געבראַכט פון נאָנט און ווייט דעם טאַבאַק אין פאַבריק אַריין. מייסטנס זענען זיי געבליבן מיט זייערע פערד־און־וואָגן נעכטיגן, מוז מען האָבן אַ סטאַנציע, עסן, טרינקען, אויך קויפן פאַרן היימישן געברויך נויטיגע זאַכן און מתנות.

דעמאָלט האָבן נאָך די קולקאָ־ראָלניטשע און דער קאָאָפּע־ראַטיוו „מאַסלאָ״ ניט עקזיסטירט. די שנאה צום אידן איז געווען פאַרדעקט, מ׳האָט נאָך מורא געהאַט פאַר דער עסטרייכישער ממשלה, וואו דער איד האָט נאָך אין ווין געפונען זיין רעכט. צו יענער צייט איז נאָך דער איד געווען דער סוחר פון אַלץ — דער פאַרקויפער און דער מלוה (געלט־פאַרלייער).

אַזוי אַרום האָבן אַלע שטאָט־לייט געצויגן היונה פון ירידים, טאַבאַק־פאַבריק און רייזנדע.

## שענקערס און רעסטאָראַציעס

ר׳ חיים זימל זינגער, אַ גרויס הויז (ציגל־מויער) מיט דריי פראָנטן אויפן רינגפּלאַץ — דער גרעסטער פאַרשלייסער פון כל המשקאות (אויך יין לקידוש ולארבע כוסות). ביי אים איז געווען

פול טרינקערס פון ביר און וויין, איבערהויפּט אין אַ מאַרק־טאָג.

ר׳ חיים זימל, אַ איידעלער, שענער איד, אַ קורא בתורה און שליח ציבור אין ימים נוראים אין קאָסאָווער קלויז, אָן שכר. ער האָט גערעדט און געשריבן פּויליש און אוקראַיניש. לאַנג איז ר׳ חיים זימל געווען רעגירער, אַ קורצע צייט בירגערמייסטער און כּאַטריקל־פירער.

זיינע קינדער האָט ר׳ חיים זימל דערצויגן אין גוטע חדרים.

אַ זון פון ר׳ חיים זימל, ר׳ יודל זינגער — אַ איידעלער מענש, אַ גוטער בעל־מנגן און שליח־ציבור בימים נוראים (אַלע בעלי־תפילה, אויך אין ימים נוראים, האָבן געדאַוונט אָן שכר).

ר׳ יודל זינגער איז געווען איינער פון די גרויסע עקספּאָרטערן פון תבואה, אויך אַ סוחר פון קרקעות, אַ פּאַכטער פון אַ קרעטשמע אין דאָרף טוליקוב. און הגם פון טוליקוב קיין זאַבלאָטאָוו זענען געווען 2—3 ק״מ וועג, פלעגט ר׳ יודל קומען יעדן שבת אין קאָסאָווער קלויז דאַוונען. ר׳ יודלס קינדער, זלמן אלעזר, אברהם, און אליהו — גוט־דערצויגענע אין חדרים. ר׳ יודלס דריי איידעמס געפּינען זיך אין ארץ־ישראל; איינער פון זיי, ר׳ יוסף האַלפּערן, איז ניט לאַנג געשטאָרבן אין תל־אביב.

דער צווייטער זון פון ר׳ חיים זימל, דוד זינגער, אַ געביל־דעטער איד, איז אויסגעוואַנדערט קיין דייטשלאַנד און דאָרט גע־שטאָרבן. זיינע קינדער, שטודירטע, געפינען זיך אין ארץ־ישראל.

ר׳ ישראל אַ ש פּ י ל, פון די אַלטע חשובע בעלי־בתים אין שטאָט, באַזיצער פון אַ גרויס הויז מיט דריי פראָנטן אויפן רינג־פּלאַץ — איינע פון די וויכטיגע אכסניות און שענקען.

דאָס הויז איז איבערגעגאַנגען בירושה צו זיין איידעם ר׳ יהושיע מילעך, אַ איידעלער איד און בעל־קורא אין קאָסאָווער קלויז, פון די שענע מזרח־אידן. דאָס הויז, אינאיינעם מיט דער גאַנצער גאַס הייזער, איז אָפּגעברענט געוואָרן, האָט ר׳ יהושיע פאַרקויפט דעם פּלאַץ ר׳ דוד טוי בן שמואל. דוד ט ו י האָט דאָרט אויפגעשטעלט אַ גרויסע מויער מיט אַ שטאָק (די ערשטע אין שטאָט) און זי פאַר־דונגען פאַרן געריכט און קרימינאַל. דאָס הויז האָט געהאַט זיין

אַפגוס־קאַנאַל (בור־שופכין) דוקא אַנטקעגען דער גרויסער שול. אַלע שכנים און מתפללים האָבן דערפאַר אויף אים געקוקט קרום און מיט תרעומות.

ר׳ דוד טוי איז מיט אַ צייט שפּעטער געשטאָרבן אין לעמ־בערג אויף אַ אָפּעראַציע. דער זאַבלאָטאָווער עולם האָט אויסגעלייגט זיין מיתה משונה אַלס אַ עונש פאַרן חילול־הקודש.

דאָס הויז האָבן דאַן געקויפט פון דוד טויס יורשים צוויי יונגעלייטלאַך, פנחס און מאיר האַבער, אייניקלאַך פון חשובן תלמיד־חכם ר׳ משה יהודה קרעסל. זיי האָבן צוריקגעעפנט די אכסניה און דעם שענק און האָבן מצליח געווען. די אכסניה האָט געשמט מיט איר באַקוועמליכקייט, ריינקייט און געשמאַקע מאכלים. ביידע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער צדקה און הכנסת־אורחים, און גוט געהאַנדלט לגבי זייערע עלטערן.

ר׳ יצחק אייזיק אויערבאַך — אַ השובער בעל־בית אין שכנות פון גריכיש־קאַטוילישן קלויסטער, מיט אַ גרויסער אכסניה און אַ שענק פאַר בעסערע רייזנדע.

זיין זון, ר׳ משה, אַ לערנער און משכיל — אַ חשובער איד און סוחר אין בוקאָווינע. אַ צווייטער זון פון ר׳ אייזיק ר׳ יהודה הירש אויערבאַך — שענקער און רעסטאָראַטאָר, אַ צייט גבאי אין דער גרויסער שול. זיין זון אברהמ׳צי — אַ איידעם פון ר׳ לייב ראָזנבוים. אַ איידעם פון ר׳ יהודה הירש, חנה חאַלעם — אַ פורמאַן מיט אַ פיאַקער.

אַ דריטער זון פון ר׳ אייזיק, אהר׳צי אויערבאַך — אַ געביל־דעטער סוחר אין פּוטילאַ. דער פערטער זון, מענגי (מנחם), אַ משכיל — איז יונגערהייט געשטאָרבן.

ר׳ כתריאל ווייס — תחילת אַ גרויסער שניט־קרעמער, דערנאָך שענקער און רעסטאָראַטאָר אויפן רינג, אַ איידעם פון חשובן איד און חסיד ר׳ אלקנה קוגלער. זיין שענק איז דאַן איבער־געגאַנגען צו הירש לייב פישל.

ר׳ נטע וואַלצער — באַזיצער פון אַ גרויסן מויער מיט דריי פראָנטן אויפן רינגפּלאַץ, מיט אַ סך שפּע אין זיין שענק. אין

זיין גרויסן קעלער איז פיל יאָרן געווען דער מחסן פאַר דער פראָ־פינאַציע, וואו זיין פאָטער ר׳ אברהם וואַלצער אין געווען אַ שותף.

ר׳ נטע איז אַ צייט געווען קולטוס־פאָרשטייער. זיין זון, אפרים, איז נאָך אַלס חדר־בחור, אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. זיין זון איציק, דער יורש פון פאָטערס הויז און פרנסה, איז געווען אַ צייט רעגירער אין שטאָט.

ר׳ זאב ראָזנבוים, פון די אלטע חשובע בעלי־בתים, באַזי־צער פון אַ גרויס הויז נאָנט פון דער טאַבאַק־פאַבריק, מיט אַ אכסניה און אַריינפאָר־הויז.

זיינע קינדער האָט ר׳ זאב געהאַלטן אין חדרים. זיין הויז האָט שפעטער געקויפט יודל זינגער.

די ברידער ר׳ משה און ר׳ ישראל פראָסט, שטילע ערלאַכע אידן,ביידע באַזיצערס פון אַ גרויס הויז, וואו יעדער האָט געפירט אַ גרויסן שענק.

ר׳ פיניע (פנחס) וואַלער — באַזיצער פון אַ גרויס הויז אין שכנות פון דער באַן־סטאַנציע מיט אַ גרויסן שענק און רעס־טאָראַציע. זיין זון אייזיק — אַ גרויסער בהמה־סוחר. זיין זון לייב איז אַ צייט געווען קולטוס־פרעזידענט. אַ זון פון ר׳ פיניע, לעאָן וואַלער — ד״ר אדוואָקאַט אין קאָלאָמיי.

פיניעס זון גרשון וואַלער — דער יורש פון פאָטערס הויז און פרנסה.

ר׳ שואל שפערבער — אַ בן־תורה, באַזיצער פון אַ גרויס הויז אין דעמיטש מיט אַ שענק און אַריינפאָר־הויז, אַ ברודער פון ר׳ ברוך שוחט. זיין איידעם — ר׳ לייב רענערט. ר׳ לייב׳ס טאָכטער געפינט זיך אין ארץ־ישראל.

## שניידערס

ר׳ שלום, און זיין זון אהרן, אהרן ביילע ריסעס, זלמן אהרן דער טויבער, שכנא — אַלע מענער־שניידערס. זיי אַלע זענען געווען פון דער חברה „תופרי תכריכי־מתים״. אַנדערע שניידער האָבן ניט געטאָרט נייען תכריכים.

ר׳ מנדל שטיינער — אַ דאַמען־שניידער, אַ אינטעליגענ־טער בעל־מלאכה, אַ צייט לאַנג גבאי אין דער שניידערשער שול. זיין איידעם, ר׳ יהודה טרעטער — אַ אינטעליגענטער מענטש, האָט געפירט אַ גרויס שפּעצעריי־געוועלב.

## טישלערס (סטאָליערס)

ר׳ אברהם גלאַגער איז געווען מפורסם אַלס גוטער סטאָליער, אַ כלל־טוער און גבאי אין דער בעל־מלאכה׳שער שול. זיין איידעם, מאיר יעקב — אויך אַ סטאָליער. ר׳ בערצ׳י סטאָליער און זיין שוואָגער הירש — גוטע בעלי־מלאכות און שטילע, ערלאַכע מענטשן.

## יאַטקעס און קצבים

ר׳ אברהם און ברודער מאָטיע פישל (ביילע ריסעס), זין פון ר׳ אברהם יהושיע, ר׳ אפרים אלי און זיין זון (אָדער איידעם) הירש, ר׳ לייב ליבער און זיין ברודער ר׳ שמואל ליבער, ר׳ קלמן שפערבער, ר׳ שמאי שאַפער און זיין זון ר׳ זעליג — אָט די אַלע קצבים זענען געווען פרומע אידן אָן אַ שום השד, אַז זיי האָבן חלילה מאכיל־טרפות געווען דורך פאַרקויפן טריפה־פלייש פאַר כשר.

ר׳ שמאי׳ס זון, ר׳ גדליה שאַפיר — אַ יודע־ספר ובעל־קורא אין אַלטן בית־מדרש. נאָך ר׳ אלטער לייבליס טויט האָט ר׳ גדליה אים פאַרטראָטן מיט לערנען מיט אַ גרויסער עדה אידן אין אַלטן בית־מדרש „מדרש רבה" יעדן שבת.

אַ איידעם פון ר׳ שמאי שאַפיר, יונה פישל — אַ בעל־בית און כלל־טוער — א צייט ראַטמאַן. זיין איידעם, הירש קרייזלער — אַ בהמה־סוחר.

## כלי־זמרים (קלעזמערס)

ר׳ בערעלע שפילמאַן, דער אַלטער, קליינער און גראָבער קאַפעל־מייסטער מיטן גרויסן, ברומנדיקן באַס, זיין זון משה מיט דער פלייט (חליל), יהודה־אַזי מיט דער דינער פידל, שלמה מיט דער גראָבער פידל, מאיר מיטן צימבעל און איינער מיט טאַצן — אָט דאָס איז געווען די גאַנצע קאַפעליע. הגם די קאַפעליע האָט ניט

געזען קיין קאָנסערוואַטאָריע. האָבן זיי ניט שלעכט געשפּילט אויף חתונות, חנוכה און פורים, מוצאי־יום־כפור ביי בעלי־בתים, אין דערפער ביי פריצים.

בערלס זון, משה, איז געווען בריוו־טרעגער. לערך פער־ציג יאָר איז געשטאַנען אין דאָזיקן דינסט.

משה שפּילמן האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין געטרייער אַרבעט און אָרענטליכער אויפפירונג. אָבער ווי נאָר די פּאָליאַקן האָבן איבערגענומען די ממשלה, האָט מען משה'ן אָפּגעזאָגט אָן פּענסיע און אויך אָן אַ דאַנק־וואָרט.

ער איז דאַן אויסגעוואַנדערט צו זיינע קינדער קיין אַמעריקע.

בערלס אַ צווייטער זון, פּייוויש שפּילמן, תחילת ביים פאָטער אַ כלי־זמר, שפּעטער אַ גנב, אַ באַנדיט. מ'האָט אים דער־ווישט ביי אַ שווערן פאַרברעכן און אים פאַרמשפּט צו צוואַנציג יאָר שווערע תפיסה מיט צוואַנגס־אַרבעט, וואו ער איז שפּעטער גע־שטאָרבן. מענטשן האָבן דערציילט, אַז פּייוויש מיט זיינעם אַ חבר האָבן אונטערגעגראָבן אַ לאָך אין דער תפיסה־מויער און זענען פאַרשוואונדן.

## לערער פון שפּראַכן

א. גרימיגער, אַ גימנאַזיאַל־לערער פון דייטש און פּויליש. זאב (וועלוול) טוי רענציס, אַ שאַרפער מוח און תלמודיסט, לערער פון דייטש — ער איז יונג געשטאָרבן. הירש רייטער, סטודענט אָן מאַטורע, אַ זון פון בערל שוסטער — לערער פון פּויליש און אוק־ראיניש. הירש טוי משהס (הערש פרינץ), דייטשער לערער — שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. שלמה זלמן זיילער, ניט געענדיקטער סטודענט — לערער פון דייטש, פּויליש און אוק־ראיניש.

## מויערערס פון אויוונס

ר. אברהם (דער טויבער) ג ר י י ף, דער פאָטער פון ר' מאיר חאַראַפּ, דער עילוי.

ר' משה חיים דער קרומער (אַ טייל האָבן אים גערופן דער

ליגנער, מחמת ער האָט דערציילט גוזמאות). ביידע מויערערס האָבן זיך אויפגעפירט ווי כשרע אידן.

## מאַרק־זיצערס (הייבערישע סוחר׳טעס)

אויפן רינגפלאַץ זענען געווען אויפגעשטעלט לערך צען ביז צוועלף סוכות (בודקעס), 2 מעטער אויף 2 מעטער, מיט 4 ריגלען אין דעכל, 3 ווענטלאַך אַרומגעהילט מיט לייוונט. אין דער בודקע האָט די סוחרטע געהאַט צו פאַרקויפן אַלע מינים שפּילערייַ פאַר קינדער, רינגעלאַך, פאַטשערקעס, מעסערלאַך, שפּיגעלאַך וכדומה. איינע פון זיי — בלומע (בלומיטשקע), די אלמנה פון ר׳ שמואל פוקס. איר קול האָט מען געהערט ביז ווייט אין דעמיטש, איבערהויפּט ווען זי האָט זיך געקריגט מיט אירער אַ שכנטע. אירע זין און איידעמס — אַלע פאָהר־לייט מיט איינשפּענער.

מרים יאַסי (מאַריאַסי) — אַ אשה צנועה, האָט געכאַפּט יעדן אינדערפרי אַ דאַווענען און געטאָן צדקה. איר מאַן, ר׳ מענדעל טשאַנציק, — אַ בעל־תפילה בימים נוראים, מייסטנס אין די דערפער, פאַר שכירות.

די פאַטעלינסקיכע; איר מאַן אברהם פאַטעלינסקי, אַ אויפזעער אָדער עקאָנאָם ביי אַ גוט־בעזיצער, איז שבת תמיד געווען אין זיין היים. זייער זון, יעקב, איז געווען אַ טרעגער.

אויף דער צווייטער זייט רינגפלאַץ איז געווען דער ווייבערישער פירות־מאַרק, עטלאַכע טישלאַך. איינע פון די פירות־סוחר׳טעס איז געווען ר׳ יעקב העלפנביינס ווייב (יאַנקל יעחצי). ר׳ יעקב האָט דאָס גאַנצע יאָר געפעלט אין שטאָט. מ׳האָט דערציילט, אַז ר׳ יעקב איז אַרומגעפאָרן ווייט איבער דער מדינה, און האָט זיך אין אַלע מקומות אויסגעגעבן פאַר אַ גרויסן צדיקס אַ אייניקל, געטיילט ברכות און ישועות און גענומען פדיונות.

די דריטע זייט פון רינגפלאַץ איז געווען אַן אָרט פאַר די פויערטעס, וועלכע האָבן יעדן פרימאָרגן (איבערהויפּט דינסטאג) געבראַכט זייערע פּראָדוקטן און ירקות. אַזוי איז אַ חלק פון שטאַטישן רינגפלאַץ, ווי אַ „ח״, געווען באַזעצט מיט ווייבער סוחר׳טעס.

## מלמדים

ר׳ אברהם שיינהארן האט געלערנט מיט גרעסערע בחורים גפ״ת און תנ״ך, דקדוק און עברית. אין א צייט ארום האט ער דאס מלמדות אויפגעגעבן.

ר׳ אהר׳צי העלפער — א מלמד פון גמרא און תנ״ך, א הייסער קאסאווער חסיד.

ר׳ אלתר פערלס, איינער פון די וויכטיגע תלמידי־חכמים ויראוי להוראה — גפ״ת מלמד. זיין זון הירשל — א תלמיד־חכם.

ר׳ אשר פאסטערנאק, — מלמד פון גמרא און תנ״ך, כתב ולשון, עברית און אידיש.

ר׳ בערצ׳י משה חיים׳ס — א מלמד פאר מתחילים אין גמרא, חומש און רש״י, אויך שריפט אין אידיש.

ר׳ זאב דונסט — גמרא־מלמד, אויך תנ״ך, חשבון און כתב אידיש. זיינע זין, יוסף און זלמן — קודםביידע געוועלבערס, שפע־טער איז יוסף אויסגעוואנדערט קיין אמעריקע און זלמן האט געעפנט א סאדע־וואסער־פאבריק.

ר׳ יצחק (איצי פאטערל) — גמרא און תנ״ך מלמד, זיין ווייב — א סוחר׳טע.

ר׳ משה מנדל גאדעלס — מלמד פון גמרא, חומש און רש״י מיט מתחילים.

ר׳ מנחם (מנדלי) בלאך — א מלמד פאר גרעסערע בחורים אין גפ״ת, מדרשים, חומש און רש״י.

ר׳ משה ברוך הירשס — א גמרא און תנ״ך מלמד, א איידעם פון משה יעקב פישל.

ר׳ שמעון הירש, תחילת געוועלבער, דאן גמרא־מלמד. א הייסער אטיניער חסיד.

ר׳ פייביש פייגער — א מלמד אין די הייזער אויף חומש, עברית און שריפט אידיש. זיין זון נ. פייגער — צווייטער חזן (קאנטאר) אין סטאניסלוויער טעמפל.

## מלמדי תינוקות של בית רבן (דרדקי־מלמדים)

ר׳ אלקנה דער לאַנגער, ר׳ בערל (בלינד אויף איין אויג), ר׳ מאיר און ר׳ שואל. יעדער האָט געהאַלטן אין זיין „חדר" וואָס אין אייגענעם הייזל, 40 ביז 50 תלמידים, אינגלאַך און מיידלאך.

אין ר׳ בערלס „חדר", לערך 4 מעטער גרויס, אָן אַ בריק (פוס־באָדן), האָט ער געלערנט מיט ערך 50 קינדער און דער בעלפער אין צווייטן חדר — מיט ערך 30—40, אלף־בית, טראָף, נקודות, און אנהויב חומש. אין קיך האָט די רביצין מיט איר טאָכטער זיך באַשעפטיגט אַ חוץ מיט דערווירטשאַפט אויך מיט אַ קור־און־קעלבל. זומער האָבן די קינדער פאַרבראַכט די צייט ביים שפּילען, ביים זומפּזטייכל, מיט קראַקענדע זשאַבעס וואָס לעבן חדר. ווינטער — מיט גליטשן זיך אויפן אייז.

## אַקושערקעס (באָבעס)

די איינציגע ספּעציאַליסטקע איז געווען חיה רחל, ווייב פון מרדכי זינגער.

## נאָטאַר

הערמאַן שפירא (אפשר דער ערשטער אידישער נאָטאַר אין גאַליציע), אַ כבד־פּה, אַסימיליאַנט, וואָס האָט אויך זיינע קינדער דערצויגן צו אַסימילאַציע.

## עגלונים (פורמאַנעס)

אליעזר און ברודער אהרן (אורצ׳י) פוקס און שוואָגער פישל — יעדער אַ עגלה מיט איין פערד, זייערע נסיעות זיינען געווען בלויז קיין קאָלאָמיי מיט פאַרשוינען.

הירש יהודה משהס און זיין איידעם משה באַן — אַ וואָגן מיט 2 פערד פאַר פאַרשוינען קיין סניאַטין. יעקב זינגער, אלטער מאַלצ׳יק און יוסף אייזנקראַפט — פיאַקערס צו דער באַן־סטאַנציע. ר׳ זיידע טוי — עגלה מיט איין פערד. דער ערשטער אין שטאָט,

וואָס האָט איינגעפירט די טעגלאַכע נסיעה צו דער באַן־סטאַנציע און צוריק.

משה־בעל־עגלות: ר׳ אלתר מאַניס, ער האָט דערצויגן זיינע קינדער לתורה, זיין זון, יצחק, אַ געוועלבער, דער צווייטער, הירש — אַ בעל־עגלה. ר׳ אליעזר שטיינבערג, ר׳ פייוול ברעכערס קינדער, לייב, יואל, מאטי, יעקב לייב אַדלערשטיין, דער אַלטער שבתי מיט זיין זון הירש (זייער איניקל געפינט זיך אין ארץ־ישראל) און ר׳ משה טוי אברהמלס — אַלע בעלי־עגלות צו פירן משא אויך פון ווייטע מקומות. משה אברהמלס און זיין ווייב אסתר האָבן זיך אַ סך אָפּגעגעבן מיט צדקה, גמילות־חסדים און הכנסת־אורחים; זיי האָבן געשריבן אַ ספר־תורה פאַר דער קאַסאָווער קלויז.

### פריזירערס

אהרן (דער רופא) און זיין ווייב האָבן געשאָרן קליינע קינדער. דוד הירש און נאָך איינער אין דעמיסש זענען געווען אויך שטיקלאַך רופאים, זיי האָבן געשטעלט באַנקעס און פּיאַווקעס, געעפנט מכות און געמאַכט באַנדאַזשן.

### דאָקטוירים־מעדיצינער

ד״ר איזידאָר האָרן — דער ערשטער אידישער דאָקטאָר אין שטאָט. ער איז געווען אַ אַסימילאַנט, ניט געוואוסט פון אַ אידיש (עברית) וואָרט.

ד״ר נייבערגער — אַ דאָקטאָר אַ מומחה, אַ נאַציאָנאַלער איד, האָט געקענט עברית, איז שפּעטער אַוועק קיין טשרנאָוויץ.

### ריכטערס (שופטים)

נ. סיכאָווער, געקומען פון נאַדוואָרנע אַלס געריכט־פּרעזעס, האָט זיך צוליב קאַריערע געשמדט, ער מיט זיין משפחה. ער פלעגט ווי אַ פרומער קאַטאָליק גיין מיט זיין ווייב יעדן זונטאג אין קלויסטער אריין, אויך מיטגיין ביי די קאַטאָלישע פּראָצעסיעס.

## שמשים און חזנים

ר׳ זעליג דערמאַן, שמש אין אַלטן בית־מדרש, וואו ער האָט געהאַט זיין דירה. ער איז אויך געווען חזן אין דער גרויסער שול שבתים און ימים נוראים. אויך שטאָט־חזן ביי חתונות און בריתן.

זיין חזנות האָט נאָך זיין טויט איבערגענומען ר׳ שלום פוקס, אַ איידעם פון דעם עושר און פיינעם איד ר׳ משה אַלטער. ר׳ משה האָט ר׳ שלומן געבראַכט פון רוסלאַנד, פון אַ מיוחסדיגער און נגי־דישער משפחה, אַלס מאַן פאַר זיין בת־יחידה.

ר׳ שלום איז געווען אַ גוטער בעל־מנגן, ער האָט אויך גוט געלערנט אַ בלאַט גמרא. נאָכן שווערס טויט, איז ר׳ שלום פאַר־אָרימט געוואָרן און געווען געצוויטיגט אָנצונעמען דעם חזן־פּאָסטן. שפּעטער איז ער בלינד געוואָרן און אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער בעטן נדבות.

ר׳ יעקב שמש (יוקיף; זיין משפחה־נאָמען האָט קיינער ניט געוואוסט) פלעגט אַלע פאַר־טאָג קלאַפּן מיט זיין שווערן האַמער אין די טויערן און לאָדן און אויסרופן בקול: „שטייט אויף לעבודת הבורא!״ שבת פאַר קריאת התורה פלעגט ער אויסרופן אין די בתי־מדרשים „פקודות״ פון רעגירער אָדער בירגערמייסטער אין נאָמען פון סטאַראָסטע. נאָך ר׳ יעקבס טויט האָט דאָס שמשות איבערגע־נומען בנימין שמש.

ר׳ מרדכי (מאיקע) לייכטערמאַכער — אַ שמש, בפרט ביי קבורות פון מתים. ער איז געקומען פּרובן דעם גוסס מיט אַ פעדער ביי דער נאָז, אויב ער האָט נאָך אַ רוח־חיים, און זיך מטפל געווען מיט אַלע ענינים וואָס זענען שייך צו דער קבורה; דעם ארון פאַרן מת מאָנופּולירט דוקא אין שטאָט־בית־מדרש, ווען אידן זענען געשטאַנען אין טלית און תפילין (אפשר מיט אַ כוונה, כדי זיי מעורר צו זיין לתשובה). ביי דער לויה געקלאַפּט אין אַ ערדענעם טאָפּ די אַריינגעוואָרפענע מטבעות, און געשריען בקול: „צדקה תציל ממות״. לבסוף אַלס ערשטער געכאַפּט ביים אבל דעם ערשטן כוס.

## דערפּער אַרום זאַבלאָטאָוו

איליניץ. ר׳ ברוך טוי (אברהמלס), אַ אָנשטענדיגער איד, עקאָנאָם ביי אַ גוטבעזיצער. זיין זון מר צבי טוי מיט משפחה געפינט זיך אין תל־אביב.

ר׳ מגדל האלדער, פאַכטער פון דער פּראָפּינאַציע, אַ איד אַ למדן, וויזשניצער חסיד. זיין זון, ר׳ משה דוד אַ גרויסער וואַלד־סוחר, באַזיצער פון אַ זעגעמיל און מאַטעריאַל־לאַגער אין קאַלוש.

אַלעשקוב. ר׳ משה שפּערבער, פּאָסעסאָר און וואַלד־סוחר, אַ הייסער קאָסאָווער חסיד מיט מעשים טובים, צדקה והכנסת־אורחים. ער האָט מנדב געווען אַ גרויסן פּלאַץ אין שטאָט, וואו מ׳האָט אויפגעבויט די קאָסאָווער קלויז.

שפּעטער האָט די פּאָסעסיע איבערגענומען ר׳ אברהם דוד ריזנבערג. זיין איידעם, ר׳ מרדכי קאָרן, אַ גרויסער תבואה־סוחר און אָרענטליכער, געבילדעטער איד — איז געווען אַ צייט קולטוס־פּרעזעס אין שטאָט.

ארעליץ: ר׳ אליעזר שטאַדלער, אַ יודע־ספר, מיט צדקה ומעשים טובים, באַזיצער פון קרקעות. זיין זון, ר׳ משה — צוערשט פּאָסעסאָר, דאַן האָלץ־סוחר אין סאַדיגורא.

ר׳ אליהו שטאַדלער, פון די אַלטע חסידים ואנשי־מעשה — האָט זיך באַשעפטיגט מיט לאַנדווירטשאַפט, דורך גויישע אריסים.

זיין אייניקל, ר׳ נחום שטאַדלער, אַ תלמיד־חכם און שאַרפער מוח — האָט געענדיקט אַ סעמינאַר און איז געוואָרן איינער פון די וויכטיגע באַראָן־הירש־לערערס אין קאָזלאָוו, שפּעטער אין טאַרנאָפּאָל.

ר׳ נחום שטאַדלערס ווייב און טעכטער געפינען זיך אין ארץ־ישראל, איינע פון זיי איז די באַוואוסטע כלל־טוערין ביי עזרה סוציאלית אין רמת־גן, גברת יעל.

היינקאָוויץ. ר׳ שמעון היפשער — אַ בעל־בית מיט אַ גרויסן לאַנדווירטשאַפטלאַכן משק. זיין זון יחזקאל (קאַראָל), איז געווען שטאַטישער געמיינדע־סעקרעטאַר. ער האָט געהאַט השפּעה אויך אין דער באַצירקס־הויפּטמאַנשאַפט אין סניאַטין און געטאָן אידן

טובות. לערך פערציג יאָר געאַרבעט אין זיין אַמט.

וואַשקאָוויץ. ר׳ ישראל בוימעל, אַ געלערנטער איד, אַ זון פון חשובן בעל־הבית ר׳ אייזיק בוימעל. ר׳ ישראל האָט בשותפות מיט זיין פאָטער געהאַלטן אין וואַשקאָוויץ די פּאָסעסיע.

ר׳ מנחם אייזנבערג אַ אַלטער חסידישער איד, האָט געהאַלטן אַ קרעטשמע און געפירט אַ געוועלב פאַר די דאָרפס־לייט. זיין זון ר׳ שלמה, אַ איידעם פון ר׳ צבי רובין — געוועלבער אויפן רינגפּלאַץ.

ר׳ חיים וואשקאָוויצער, אַ געלערנטער איד, אַ בעל־הבית און בעל־קרקעות, האָט געפירט אַ שענק און געוועלב. ר׳ חיים האָט געהאַט אַ בת־יחידה און זיך משדך געווען מיט ר׳ פסח טוי, בן ר׳ משה זיינוויל.

אין חיימס הויז האָט זיך געדרייט אַ שייגעץ, אַ שכן, אין וועלכן חיימס טאָכטער, פסח טויס כלה, האָט זיך פאַרליבט. אין איין נאַכט, האָט דער שייגעץ אַרויסגעפירט דאָס מיידל פון איר פאָטערס הויז און איר געבראַכט צום דאָרפס־גלח. דער גלח האָט איר אָפּגעשיקט קיין סניאַטין אין דאָרטיגן קלויסטער, און זי באַלד אָפּגעשמדט.

ר׳ חיימס טאָכטער האָט זיך שפּעטער צוריק מגייר געווען, זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ אָרימען בחור, און חיים האָט נאָך פון זיי דערלעבט אַ דור פון כשרע אידן.

זשעריוו. דער דאָרף איז געווען באַזעצט מיט משפחות איידעלע אידן, וועלכע זענען איינגעוואַנדערט פון רוסלאַנד אינ־איינעם מיטן צדיק אדמו״ר ר׳ ישראל ריזשינר. ר׳ אשר זילבערמאַן, תחילת אַ שותף צו אַ ברענעריי, שפּעטער בעל־בית און געוועלבער אין דעמיטש.

ר׳ משה גאַסטער, אַ גרויסער למדן און תלמיד־חכם, בוכ־האַלטער ביי זיין שווער ר׳ מ. ל. שלאמיוק — פּאַכטער פון אַ ברענעריי און פּאָסעסיע. ר׳ נפתלי וויינגאַרטן, אַ ת״ח — שותף צו ר׳ לייב,ביידע תלמידי־חכמים.

ר׳ משה אַלטר, אַ איידלער איד, — זיינע זין ר׳ יחזקאל און לייב, ביידע תלמידי־חכמים.

ר׳ שמואל אַלטער — פון די אַלטע חסידים, ירא־שמים, בעל־צדקה און מכניס־אורחים. זיין איידעם, ר׳ יעקב מנחם גאַסטער — אַ איד אַ תלמיד־חכם און בעל־קבלה. אַ אייניקל פון ר׳ שמואל אַלטער, משה אַלתר — געפינט זיך אין תל־אביב.

חליביטשען. ר׳ ברוך מעלצער, אַ יודע־ספר, אַ לאַנגע צייט פקיד ביים גוט־באַזיצער. זיין זון, ר׳ יוסף ליב, פאַכטער פון אַ קרעטשמע אין טערקע. זיינע קינדער דערצויגן אַלס בעלי־מלאכה. ער און זיין ווייב, שרה טילא, האָבן געגעבן אַ סך צדקה.

ר׳ יעקב טוי (יאַנקל ציברעק), תחילת אַ קרעטשמער אין חליביטשען, שפּעטער פאַכטער פון פעלדער און פון אַ גרויסער מיל. לסוף האָט ער געקויפט אַ הויז אין שטאָט, אויפן רינגפּלאַץ, און איז געווען אַ צייט קולטוס־ראָש.

טולוקאָוו. ר׳ ישעיהו אַדלערשטיין, אַ אינטעליגענטער איד, האָט געהאַלטן בשותפות מיט ר׳ שמואל טוי יוסים די פּאַסעסיע אין טולוקאָוו און אַ וואַלד אין בוקאָווינע. ר׳ ישעיהס זון, אליהו, — דער פאַכטער פון דער גרויסער מיל. ר׳ שמואל טוי, אַ אינטעליגענטער סוחר, מייסטנס מיט גוט־באַזיצערס — אייגענטימער פון אַ גרויסער מויער אין דעמיטש.

טריצי. ר׳ הירש לייב לוינער — עקאָנאָם ביים גוט־באַזיצער. זיינע קינדער, שמעיה, מנדל און יונה, גוט דערצויגענע אין הדרים. זיין ווייב, טויבע, אַ אשה צנועה מיט מעשים טובים — האָט מאריך־ימים געווען ביז קרוב צו מאה שנים. ר׳ ישראל ליבער און זון, מענדל — חסידישע אידן, לאַנדווירטן. מענדלס ווייב, טעמאַ, אַן אלמנה, געפינט זיך אין תל־אביב.

ליפּקעוויץ. ר׳ זעליג, אַ איידעם פון ר׳ ישראל חיה יהודית, — אַ חסידישער איד, אַ געוועלבער און קרעטשמער אין דאָרף.

פּאָפּעלניק. ר׳ זלמן מינצער — אַ בעל נכסים און סוחר, געטאָן צדקה. נאָך זיין פאָטערס טויט (היימישע דאָרפס־גויים האָבן אים דערהרגעט) איז ר׳ זלמן געקומען קיין זאַבלאָטאָוו און באַשעפטיגט זיך מיט מסחר. שפּעטער איז ער פאַראָרימט געוואָרן.

ר ו ד נ י ק. דער גוט־באַזיצער מאָסיע, סענאַטאָר, איז געווען אַ באוואוטער אַנטיסעמיט, פונדעסטוועגן האָבן זיינע פעלדער, ברע־נעריי און מיל געהאַלטן נור אידן. זיין גרויסן וואַלד האָבן אידן געהאַקט און דערביי גוט פאַרדינט. אַסאַך יאָהרן האָט דאָרט געוואוינט הערש הערמאַן מיט זיין ווייב פריידע (אַ שוועסטער פון מעכיל קרעסעל) און זיך באַשעפטיגט מיט לאַנדווירטשאַפט. נאָך דער ערשטער מלחמה זיך אַריבערגעצויגען קיין זאַבלאָטאָוו.

# דאס ענדע פון דער קהלה קדושה זאבלאטאוו

א. שילדערונג פון צבי אייזנקראַפט און צבי פריד

די טראַגעדיע פון אונזער קהלה זאַבלאָטאָוו האָט זיך אָנגעהויבן אין סעפטעמבער 1939, ווען דאָס רוסישע מיליטער האָט דאָס שטעטל באַזעצט. די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג, אָהן אויסנאַהם, האָט די רוסען אויפגענומען מיט גרויס כבוד און שמחה און מיט פייערדיגע באַגריסונגס־רעדעס מצד משה דונסט (זלמן דונסט׳ס זוהן), וועלכער האָט, אַלס אָנפירער פון די סאָציאַליסטען, איבערגענומען די פאַרוואַלטונג פון דער שטאָדט. אָבער באַלד האָט מען גענומען אַרויסוואַרפן אידען פון זייערע הייזער און רעקווירירען די וואוינונגען פאַר רוסישע אַמטען און רוסישע באַאַמטע, אַוועקגענומען ביי די עשירים זייערע פאַרמעגנס און דעפּאָרטירט קיין רוסלאַנד אַנגעזעהענע משפחות, דאַרונטער דעם קולטוספּרעזידענט לייב וואלער, אַ איד מיט אַ אָפענער האַנד, וועלכער האָט געשאַפן און אַליין געגעבן פּרנסה אַ סך אידען און געהאָלפען יעדען אין זיין נויטלאַגע. דער האַנדל איז אָפּגעשטעלט געוואָרן און דער רוב אידען, סוחרים, האָבן פאַרלוירן זייערע פּרנסות. דאָס שטעטל איז געוואָרן איין אַרבעטסלאַגער. דער אַרבייטער־קלאַס האָט אַ ביסל אויפגעלעבט, אָבער אידען, ניט געוואוינט צו שווערער פיזישער אַרבייט, האָבן דערביי פאַרלוירן זייערע כוחות און נישט פאַרדינט אפילו אַ פינפטעל פון זייער באַדאַרף. אַלע ציוניסטישע אָנפירער, ווי יאָסעל קארן, מענדעל טוי, משה טוי, זעליג גרוס, ד״ר נוסענבלאט און לייב רובין, האָבן באַקומען פּאַספּאָרטן מיט ספּעציעלער באַמערקונג אַז זיי זענען שעדליך פאַר רוסלאַנד.

אָט דער מצב האָט געדויערט ביז יוני 1941, ווען נאַצי־דייטשלאַנד האָט אָנגעהויבן דעם קריג קעגן רוסלאַנד. דאָס רוסישע מיליטער איז גיך אַוועק, און אונגאַריש מיליטער, דייטשלאַנדס

פאַרבינדעטע, האָט באַזעצט דעם קאָלאָמייער קרייז, דאַרונטער אונזער שטעטל. די גרויסע האַקענקרייץ־פאָהן און די נייע גזירות רעות זענען געווען דער אָנזאָג פון דעם שרעקליכען אומגליק וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויף אידען. דער מיליטער־קאָמענדאַנט, אַ אונגאַרישער קאַפּיטאַן, איז נאָך געווען ניטקשה, און דער דעמיטשער רב ר׳ אברהם האַגער ז״ל האָט געהאַט צוטריט צו איהם און אַזוי אַרום אַ סך געהאָלפן דער אידישער באַפעלקערונג. אָבער די ציוויל־פאַרוואַלטונג איז געלעגען אין די הענד פון די אוקראַינער, וועלכע האָבן די אידן אָנגעטאָן עינויים קשים, געפּלאָגט זיי מיט צוואַנגסאַרבעט און מיט אַלע מיטלען ניט דערלאָזט אַז די פּויערן זאָלן פאַרקויפן אידן פון זייערע פּראָדוקטן. עס האָט זיך אָנגעהויבען פּיהלען הונגערנויט אין דער אידישער גאַס, דערצו זענען אידען געפאַלען פון די כוחות מחמת דער עבודת פרך. זיי האָבען זיך אָבער געטרייסט דערמיט, וואָס זיי זענען כאָטש ניצול געוואָרן פון די דייטשע הענד.

אָבער אויך די דאָזיגע נחמה איז באַלד מוראדיג צעשטערט געוואָרן, ווייל שוין ענדע אויגוסט 1941 האָבען די היטלער־נאַציס איבערגענומען די פאַרוואַלטונג אין זייערע אייגענע הענד. אויב אין דעם אונגאַרישען פאַרוואַלטונגס־פּעריאָד האָט מען אידען בלויז פיזיש געמאַטערט און אָוועקגערויבט ביי זיי דאָס פאַרמעגן, האָט די געסטאַפּאָ באַלד ביי איהר אַריינקומען געגעבען צו פערשטעהן, אַז זי מיינט ניט בלויז דאָס אידישע פאַרמעגן, נאָר אויך דאָס לעבען פון אַלע אידען, איינשליסענדיג אפילו משומדים פון אידישער אָפּשטאַמונג. און כדי זיי קענטיג צו מאַכען, האָבען אַלע אידען געמוזט טראָגען אַ גרויסן לייווענטענעם שאַנד־אָבצייכען מיט אַ מגן דוד אין מיטען, אויב זיי האָבען ניט געוואָלט דערשאָסן ווערען (איינצעלנע ווידערשפעניגע זענען דערפאַר טאַקי דערשאָסן געוואָרן). די ערשטע באַפעלען האָבען ביי אידען אָוועקגענומען דאָס רעכט צו באַנוצען ראַדיאָ און טעלעפאָן, צו פאָרען מיט דער באַהן, צו באַנוצען שטאָטישע און עפענטליכע אַנשטאַלטען ווי שפּיטאָל, בעדער, קינאָ, טעאַטער, קאַפעהייזער וכדומה. עס איז באַלד נאָ־

מינירט געוואָרן אַ אידענראַט פון דריי מיטגלידער, נעמליך נטע פעליקס אַלס פאָרזיצער, דאן אליהו זינגער און אפרים פונד, וועלכער האָט געמוזט פינקטליך דורכפירען אַלע גזירות קעגן אידען און דערפאַר געטראָגן פערזענליך דעם אחריות. די ערשטע טרויעריגע אויפגאַבן פון אידענראַט זענען געווען, איינצומאָנען ביי אידן אַ גרויסע קאָנטריבוציע פאַר די היטלער־רוצחים, צוצושטעלען יעדען טאָג די פאַרלאַנגטע צאָל אידען פאַר די צוואַנגס־אַרבייטען און צו פאַרשאַפן דער געסטאַפּאָ אַלסדינג וואָס זי האָט געברויכט און געפאָדערט. און געפאָדערט האָבען זיי אַלסדינג, אָנגעהויבן פון פרעמדע וואַלוטעס, אַלע עדעל־מעטאַלען, דאָס גאַנצע פעלצוואַרג, תבואות און בהמות — און תמיד אונטער דראָהונג פון טויטשטראָף. עס איז געווען האַרצרייסענד צוצוקוקען, ווי אָרעמע אידישע משפחות האָבען געבראַכט אויף דעם באַשטימטען פלאַץ זייער איינציג פערדל, אָדער קו אָדער ציגעלע, פון וועלכע זיי האָבן געצויגן זייער חיונה. זיי האָבען זיך מיט דער בהמה געזעגענט ווי מיט אַ נאָנטען מענשען וואָס געהט שטאַרבן. דעמילט האָבען די אידען נאָך ניט פאַרשטאַנען, אַז זיי וועלן דאַן מוזען ברענגען אַ סך טייערערע קרבנות, היינו די אייגענע אַלטע טאַטעס און מאַמעס, און זייערע קליינע קינדער, און בכלל אַלע אידען וואָס ברענגען די רוצחים קיין נוצען ניט.

דער דערמאָנטער אידענראַט האָט אָבער ניט נושא חן געווען ביי די דייטשע מערדער, ווייל ער האָט ניט געקאָנט דערפילען אַלע זייערע פאָדערונגען און באַפעלען. זיי האָבען בכן מיט דער הילף פונ׳ם קרייז־אידענראַט אין קאָלאָמיי אָפגעזאָגט דער ערשטען אידענראַט און נאָמינירט אַ נייעם, וואָס איז באַשטאַנען פון ד״ר טייכער, ד״ר רעדיש, הערצל אונגער און שלמה טילינגער (דער דינסט־פערסאָנאַל איז געבליבן דערזעלבער ווי פריער). מיט דער הילף פון די אוקראינער האָט די געסטאַפּאָ אַרויסגעפרעסט פון זאַבלאָטאָווער אידן דעם לעצטן רעשט פאַרמעגען און די איבעריגע שוואַכע לעבענסקרעפטען. אַזוי האָבען אידען געלעבט ביז חודש דעצעמבער 1941.

## די ערשטע אקציע

אין מאָנאַט דעצעמבער איז אַראָפּגעקומען קיין זאַבלאָטאָוו געסטאַפּאָ פון קאָלאָמיי און גענומען זיך דורכפיהרען דעם טייוורלישען מאָרדפּלאַן. אויף דער כאָמעווע (אַ באַרג אויפן וועג קיין טרויצע) האָבן זיי געלאָזט אויסגראָבן גרויסע גריבער, האַלטנדיג דערביי די גאַנצע זאַך בסוד. אידען האָבען זיך אָבער דאָך דערוואוסט דערפון, און עס איז אויסגעבראָכען אַ שרעקליכע פּאַניק, מ׳האָט אָנגעהויבען אַנטלויפען פון שטעטל וואוהין די אויגען האָבען געטראָגען, באַהאַלטען זיך אין פעלדער און וועלדער דריי וואָכען צייט. דאָס שטעטל איז ווי אויסגעלעדיגט געוואָרן. ס׳זענען געבליבען בלויז איינצעלנע מענטשען. דערוויסענדיג זיך וועגען דעם, האָט די געסטאַפּאָ דורך איהרע אַגענטען געלאָזט פאַרשפּרייטען די ידיעה, אַז די גריבער זענען לופטשוץ אָקאָפּעס, און אַזוי־אַרום האָבען זיך אידען געלאָזט אַריינגאַרען אין זאַק אַריין און אין משך פון אַ קורצער צייט זענען כמעט אַלע אַנטלאָפענע צוריקגעקערט אַהיים. די געסטאַפּאָ האָט נאָך געוואַרט ביז די אידען האָבען זיך גענצליך באַרואיגט, ערשט דאַן זענען זיי צוגעטראָטן דורכפירן זייער פּלאַן. דעם 22־טן דעצעמבער, זיבן אַ זייגער אינדערפרי, זענען זיי, קומענדיג מיט אויטאָס פון קאָלאָמיי, איבערפאַלען אין שטורעם דאָס שטעטל, און מיט דער הילף פון די אוקראַינער, באַוואָפנטע מיט אייזענס, מעסערס און העק, האָבן זיי עס אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. גייענדיג לויטן פּלאַן, פון שטוב צו שטוב, האָבן זיי אַלע אידען אַרויסגעשלעפּט און מורא׳דיג פּאָגראָמירט, געבראָכן זיי הענד און פיס, צעשפּאָלטען די שאַרבענס, אויסגעשטאָכן די אויגן און זיי געטריבען אין מיטען רינגפּלאַץ, צו גאָלדע ברעטלערס הויז. אליה זינגער האָט מען געפירט אין טלית, באָרוועס, עטליכע מיידלאך האַלב נאַקעט. מענדל טוי, אַלטערס, האָט מען אויסגעשטאָכן די אויגען, ווייל זיין פרוי העניע האָט זיך העלדיש אַ קעגענגעשטעלט, שרייענדיג: אונזער בלוט וועט ניט רוען, היטלר וועט דעם קריג פאַרלירן און דייטשלאַנד וועט פאַר די בלוטיגע מערדערייען טייער באַצאָלן. אליהו זינגער האָט פאַר־זיין־טויט בקול אויפגעפאָדערט די אידן,

ניט איבערצוגעבען זייער געלד, נאָר פאַרניכטען און צערייסען עס אויף שטיקער. זיינע לעצטע ווערטער זענען געווען: נעמט נקמה!... די יללות פון די מוטערס, וואָס האָבען מיטגעטראָגען מיט זיך זייערע קליינינקע קינדער, דריקענדיג זיי צו זייער ברוסט, זענען ניט צו באַשרייבען. די מערדער האָבען געטריבען דעם מאַסען־צוג מיט נאַהייקעס צו דער כאָמעווע, שרייענדיג: לאָס! לאָס! בראש פון דעם צוג איז מיטגעגאַנגען אויף דער דעמיטשער רב, ר׳ אברהם האגער, מיט זיין פרוי און ער האָט געשריגען יאָמערליך: שמע ישראל, איך האָב מיט די ברידער געלעבט און מיט זיי געה איך צום טויט.

געבראַכט די לערך 1000 אידן צו די גריבער, האָט מען זיי אויסגעשטעלט אין שורות. דאַן זיי אַרויפגעטריבען אויף דעם ברעט וואָס איבער דעם גרוב און זיי נאָכאַנאַנד דערשאָסן. געטראָפענע פון די קוילען, זיינען זיי, טויטע און האַלבטויטע מיט נאָך צאַפּעל־דיגע גלידער, אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין די גריבער. עס זענען אויסגעקליבען געוואָרן פינף שטאַרקע מענער כדי צוהעלפען צו־נויפלייגן די טויטע אין די גרי־בער, נעמליך משה באַנס זון, יודל באַן, נחום זיילער, מעציע דעם סטאָלערס זון און צאַפּע רובין. זיי האָבן באקומען דעם באַפעל, אויסצונוצן איטליכס שטיקל פּלאַץ אין גרוב און אין די ווינקעלאַך האָבן זיי געמוזט אַריינשטופן קליינע קינדער. זויגלינגע האָט מען ניט דערשאָסן, אַ שאַד געווען די קוילן, נאָר צעהאַקט זייערע קעפּ אַן אַ סלופּ און אַריינגעוואָרפן אין גרוב. אַזוי איז געשען מיט דעם נאָר־וואָס געבוירענעם קינד פון אַלטער דונסט׳ס טאָכטער (די פרוי פון הערש העגער) און מיט דעם קינד פון בנציון גרונוועגס טאָכטער און אַנדערע. די דערמאָנטע פינף אידן האָבן פאַר זייער גוטער אַרבייט באַקומען זייער לוין אויפן אָרט: מ׳האָט זיי אייציגווייז דערשאָסן און אַריינגעלעגט אין גרוב פון אויבן, אויף אַלע דערמאָרדעטע. די ערד־דעק פון גרוב איז געווען ממש דורכגע־ווייקט מיט זידענדיג בלוט וואָס האָט אַרויסגעשפּריצט פון מאַסן־קבר מיט לערך 900 טויטע אידן.

די אַקציע האָט זיך געענדיקט 6 אַזייגער אין אָוונד. אַלע

קראַנקע, וועלכע מ׳האָט ניט געקענט אַרויסטרייבן, האָט מען דער־שאָסן אין די בעטן. אַזוי אַרום זיינען אין דעם שרעקליכן טאָג געווען אין שטאָט גופא לערך הונדערט טויטע אידן, וועלכע מ׳האָט דאַן געבראַכט צו קבר־ישראל אויפן בית־עלמין. עס זענען דעם טאָג אויך פארגעקומען זעלבסטמאָרדן. אַזוי האָט יאָסל אייזנקראָפּט (קוינעס) ניט געוואָלט איבערגעבן זיך לעבעדיג אין די הענד פון די מערדער און זיך גענומען אַליין דאָס לעבן דורך אויפהענגען. לעגאַל האָט די געסטאַפּאָ איבערגעלאָזט נאָר סאַניע גאָלדנער, אַ מלחמה־אינוואַליד, און דעם דאָקטאָר נוסענבלאַט, אַ מאַן מיט קריגס־דעקאָראַציעס פון ערשטן וועלטקריג. די נאַכט נאָך דער אַקציע האָבן די אוקראַינער געבושעוועט אין די ליידיגע אידישע וואוינונגען און זיי גענצליך אויסגערויבט. דעם צווייטן טאָג זיינען די אידישע גאַסן אויפגעציטערט געוואָרן פון די יאָמערליכע יללות פון די איבערגעבליבענע, וועלכע האָבן באַקלאָגט זייערע אומגעקומענע משפחות. ס׳איז ניט געווען קיין איין משפחה, וואָס זאָל ניט האָבן געליטן. דעמזעלבן טאָג, צען אַ זייגער, איז די געסטאַפּאָ געקומען צום אידנראַט און האָט געפאָדערט צען טויזענד זלאָטעס פאַר די קוילן וואָס זי האָט אויסגעשאָסן אויף אידן. אַחוץ דעם האָט זי אויפגעפאָדערט דעם אידנראַט, צונויפזאַמלען די פאַרמעגנס פון די דערמאָרדעטע אידן און זיי איבערצוגעבן דער געסטאַפּאָ.

## די צווייטע אקציע

נאָך איז דער ווייטאָג איבער דעם ערשטן בראָך געווען פריש, און שוין האָט זיך אָנגערוקט דאָס צווייטע אומגליק. דעם ערשטן טאָג פסח (דעם 11־טן אַפּריל 1942), ביינאַכט, איז דאָס שטעטל ווידער איבערגעפאַלן געוואָרן פון אוקראַינער און דייטשן. זיי האָבן מיט העק אויפגעבראָכן אידישע פענסטער און לאָדן, זיך אַריינגעריסן אין די שטיבער און אַרויסגענומען אַלע מענטשן וואָס זיי האָבן דערוויישט, מיטנעמענדיג דערביי זייער ביסל געלד און ווערטזאַכן. אַ סך אידן זענען געווען באַהאַלטן, מחמת אין פיעל הייזער זענען געווען צעגעגרייט באַהעלטענישן מיט געהיימע אַריינגענג. אין אָט דעם טאָג

האָט די געסטאַפּאָ פאַרכאַפּט לערך 250 אידן, כדי זיי אַוועקשיקן אין די גאַז־קאַמערן קיין מיידאַנעק. קודם האָט מען זיי געבראַכט אין די תפיסות פון געריכטסגעביידע און זיי דאָרט געהאַלטן עטליכע טעג אָן עסן און וואַסער, ביז מ׳האָט אַהין צוזאַמענגעטריבן אויך אַלע אידן פון די נאָנטע דערפער ווי אילינצע, פּאָפּעלניק, רודניק, וואַש־קאָוויץ, קעלעכאָוו א. א. איינצלנע אַרעסטירטע האָבן זיך מיט אַ סך געלד אָדער ווערטפולע צירונג אויסגעקויפט, דעם רעשט האָט מען פאַרלאָדן אין וואַגאָנעס מיט דער אויפשריפט „שמעלץ" און אַוועקגעפירט קיין מיידאַנעק. הערש פריד, איינער פון אונזערע צוויי אויגן־עדות, איז אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון לייטער פון דער טעכנישער נויט־הילף — וואו פריד האָט געאַרבעט — באַפרייט גע־וואָרן פון זאַמעל־לאַגער, גלייך מיט אַלע אַנדערע וואָס האָבן געהאַט אויסוויז־קאַרטן פון אַט דעם אַמט. ביי דער געלעגנהייט איז געלונ־גען מיטצונעמען אויך קאַרגע 50 אידן אָן לעגיטימאַציעס, וועלכע זענען דאָסמאָל געראַטעוועט געוואָרן פון טויט. אין דעם טאָג האָט אונזער צווייטער אויגן־עדות, אייזנקראַפט, פאַרלוירן זיין שוועסטער קוינע מיט איר קינד, 14 חדשים אַלט (לויט דער מיטטיילונג פון איזיע יוקעווס, וועלכער איז אַרויסגעשפּרונגען פון פאָרענדיגן צוג און דאַן צוריקגעקומען קיין זאַבלאָטאָוו, האָט קוינע נעמליך קודם דערשטיקט איר קינד און דאַן אַרויסגעוואָרפן זיך פון לויפנדיגן צוג). דאָס ביסל אידן וואָס זענען נאָך איבערגעבליבן אין שטעטל האָבן דאָרטן געלעבט אין טויט־שרעק ביז צום 5־טן מאַי 1942.

אין אַט דעם טאָג איז אַרויס אַ באַפעל פון קאָלאָמייער געסטאַפּאָ, אַז אַלע אידן מוזן ביז דריי טעג פאַרלאָזן זאַבלאָטאָוו און געהן אין קאָלאָמייער געטאָ. דורך השתדלות האָט מען געפועלט צו פאַר־לענגערן דעם טערמין מיט עטליכע טעג. אין דעם באַשטימטן טערמין האָבן דאַן אידן ענדגילטיג געמוזט פאַרלאָזן דאָס שטעטל, אַחוץ לערך 20 אידן, וועלכע מ׳האָט אַלס רוישטאָף־זאַמלער דערלויבט צו בלייבן. מיט דער הילף פון דער אוקראַאינישער מיליץ האָט מען אַלע אידן צוזאַמענגעטריבן אויפן זאַמלפּלאַץ און זיי פון דאָרט אונטער עסקאָרטע געפירט צופוס קיין קאָלאָמיי. יעדער איינער האָט געמעגט

מיטנעמען מיט זיך בלויז 25 קילאָגראַם באַגאַזש און לעבענסמיטל און אַלע האָבן מיטן רעשט פון זייערע כוחות געטראָגן זייערע פעקלאַך דעם לאַנגן פוסוועג. אָבער אָנקומענדיג פאַר'ן קאָלאָמייער געטאָ, האָט מען אַוועקגערויבט זייער גאַנצן באַגאַזש און דערצו זיי נאָך געשלאָגן מכות־רצח. אַזוי זענען זיי אין געטאָ געקומען מיט לעדיגע הענד אָן שום מיטל צום לעבן און אָן אַ העמד זיך איבערצוטאָן און אויך אָן אַ שטוב איבערצונעכטיגן. מענטשן זענען געלעגן אין די גאַסן און אין די חורבות פון די פאַרברענטע שולן. פאַר דער מינדסטער זאַך האָט די געסטאַפּאָ אידן אַרעסטירט און זיי לסוף אַרויסגעפירט קיין שיפּעראָוויץ און זיי דערשאָסן. אין געטאָ האָט מען געהונגערט. מענטשן זענען בוכשטעבליך געשוואָלן געוואָרן פון הונגער. די שענסטע יוגענד מיט העכערע בילדונג איז מיט געשוואָלענע פיס און פּנים'ער אַרומ־געגאַנגען מיט טעפּליך אין די הענד, בעטנדיג ביי לייטן אַביסל זופּ אָדער אַ שטיקל ברויט צו דערהאַלטן די נשמה. קינדער, פאַר־לאָזענע פון זייערע עלטערן, האָבן זיך, פאַרוואָרלאָזט און אָפּגעריסן, געוואַלגערט אויף די מיסט־פּלעצער און גענישטערט נאָך שאָלעכצן און אָפּפאַלן פון שפּייז. טעגליך זענען אידן אויסגעגאַנגען פאַר הונגער. די מתים האָט מען בסוד מקבר געווען, כדי ווייטער צו באַקומען זייער פּאָרציע ברויט. דער הונגער־טויט האָט געטראָפן לרוב די אידן פון דער פּראָווינץ, וואָס זיינען געבליבן גאַנץ אָן מיטלען. סאַניע גאָלדנער האָט אין געטאָ געפירט אַ רעגיסטראַציע פון אַלע זאַבלאָ־טאָווער וואָס זענען אומגעקומען פון הונגער, דאַרונטער משה בליי, יוסף פרעמינגער און אַנדערע. אַ טייל אידן איז מיט דער צייט גע־לונגען, אויסצוקויפן זיך און באַקומען די ערלויבניש, זיך אומצוקערן קיין זאַבלאָטאָוו אַלס אַרבעטער, דאַרונטער אַלע דאָקטוירים, סאַניע גאָלדנער, דער שטאָטער רב חיים האַגער, וועלכער האָט, אַ אָפּגעראַ־זירטער און מיט אַ קאַשקעט אויפן קאָפּ, געאַרבעט אַלס שטראָסן־אַרבעטער מיט אַ טאַטשקע אויף דעם וועג קיין סניאַטין. דער איידעם פון דעמיטשער רב, אשכנזי, האָט געאַרבעט אַלס קברן אויפן בית־עולם. אונזער עדות, אייזנקראַפט, האָט די קאָלאָמייער געסטאַפּאָ אַרעסטירט, ווייל ער האָט ניט פאַרשריפטמעסיג באַגריסט אַ דייטש.

און אין עטלעכע טעג אַרום אים באַפרייט אַדאַנק דער אינטערוועניץ פון זיין ארבייטס־שעף פון דער אָפּטיילונג „טאָדט״. בעת זיין אויס־פאָרשונג האָט ער, ווי ער דערציילט, צוגעזען פאָלגנדן פאַקט: מ׳האָט אַריינגעפירט אַ מיידל פון אַ יאָר 15—16, גענצליך נאַקעט, צום שעף פון דער געסטאַפּאָ, וואָס איז געזעסן אין לעצטן צימער. ער האָט דער מיידל געשטעלט עטליכע פראַגען, וועלכע איך האָב ניט געהערט. דער סאַדיסט האָט דאַן אויפגעמאַכט דעם ראַדיאָ און געעפנט אַ זייטיגע טיר, פון וועלכער ס׳איז אַרויסגעשפרונגען אַ מוראדיג גרויסער וואָלפס־הונט. ער האָט זיך גלייך געוואָרפן אויף דער נאַקעטער מיידל און בילעדיג אַנגעהויבן רייסן איר קערפּער. זי האָט יעמערליך געשריען „אוי מאַמע״, און דער געסטאַפּאָ־שעף האָט אַלץ העכער געלאָזט שפּילן דעם ראַדיאָ, ביז די מיידל איז גע־בליבן ליגן אין אַ טייך בלוט באַוואוסטלאָז. דער סאַדיסט האָט דאַן געגעבן דעם באַפעל אַרויסצונעמען „דאָס מיסט״.

אין זאַבלאָטאָוו האָבן זיך ווידער צונויפגעקליבן אַ 250 צוריק־געקומענע אידן, וועלכע האָבן געמוזט שווער אַרבייטן ביי פאַרשידענע עפענטלעכע אַרבייטן, און דערנערט האָבן זיי זיך דערפון, וואָס זיי האָבן די פויערן אַוועקגעגעבן פון זיך דאָס לעצטע רעקל און די לעצטע פּאָר הויזן און שיך און באַקומען דערפאַר אַ שטיקל ברויט. אַזוי האָט דאָס געדויערט ביז צו דער לעצטער אַקציע פון 7־טן סעפּטעמבער 1942.

## די לעצטע אַקציע

מיט דריי טעג פריער פאַר דעם טערמין האָט מען אַלע זאַבלאָ־טאָווער אידן מיטגעטיילט, אז אין דריי טעג אַרום מוז זאַבלאָטאָוו בלייבן אידן־ריין. אַלע אידן מוזן אַוועקגיין קיין סניאַטין זיך רעגיסטרירן, דאַרונטער אויך דער אידנראַט. צוויי אַ זייגער ביינאַכט האָבן לערך 200 זאַבלאָטאָווער אידן גענומען גיין קיין סניאַטין כדי אָנצוקומען דאָרט צו דער באַשטימטער שעה. גלייך מיט די זאַבלאָטאָווער זענען דעם טאָג אַוועקגעפירט געוואָרן אַלע איבעריגע אידן פון דער גאַנצער סביבה. געבליבן זענען בלויז לערך 50 עלטערע און שוואכע אידן,

וועלכע האָבן פאַר פחד זיך באַהאַלטן אין שטעטל, אויך עטליכע געציילטע וואָס האָבן דעם מאַרש פאַרשפעטיגט, ווי דושקע זינגער, פאַרהייראַט היבשער, ריווע ריישערס טאָכטער און ריוועס אַנ׳אייניקל פּין אָטיניא. ס׳איז כדאי צו דערמאָנען, אַז אידן האָבן ביז צו לעצט ניט געגלויבט, אז מ׳מיינט זיי געַנצליך צו פאַרניכטן. זיי האָבן נאָך אַלץ געהאָפט, אַז וואָס ס׳איז פאָרגעקומען ביי דער ערשטער אַקציע וועט זיך ניט מער איבערהזרן, און אידן זענען אַליין געגאַנגען זיך מעלדן.

אָנגעקומען קיין סניאַטין, האָט די געסטאַפּא די אידן ארומ־גערינגעלט ווי מיט אַ קייט, פון וואַנען מ׳האָט מער בשום אופן ניט געקאָנט אַנטרינען. דא ערשט האָבן אידן געזען, אז זיי זענען פאַרלוירן. מ׳האָט אַלע געבראַכט אין אַ גרויסן לאָקאַל, וואו ס׳האָבן זיך שוין געפונען אַלע אידן פון סניאַטין און די אַרומיגע שטעטלעך און דערפער. דאָרט האָט מען זיי געהאַלטן 4 טעג אָן עסן און טרינקען און אין ענגעניש צום דערשטיקטווערן. דעם 10־טן סעפטעמבער האָט מען אַלע פאַרלאָדן אין וואַגאָנעס, מענער און פרויען באַזונדער, צו 150 מענטשן אין יעדן וואַגאָן, צונויפגעפרעסט ווי אין אַ פאַס הערינג. די וואַגאָנעס זענען געשטאַנען אין זאַלוטשער באַנהויף, וואוהין אַלע זענען געטריבן געוואָרן צופוס, אונטערוועגס האָט מען שטאַרק געשלאָגן, בפרט האָט מען מיסהאַנדעלט די אינטעליגענץ, דאָקטורים, אפטייקערס א. א. ד״ר נוסענבלאַט האָט זיך בכוונה גענומען אַנטלויפן כדי מ׳זאָל אים דערשיסן, און מ׳האָט אים טאַקי דערשאָסן. אָבער מענטשן וואָס זענען ניט געווען אַזוי רעזינגירט, האָבן צוזאַמענגע־נומען זייער לעצט ביסל כוח און געפּראָבירט די לעצטע שאַנס, זיי זענען אַרויסגעשפרונגען פון דעם פאָרענדיגן צוג. אַסך זענען ביים שפרינגען דערשאָסן געוואָרן. איינצעלנע איז עס געלונגען צו אַנטלויפן און אַזוי אַרום זיך דאָס לעבן צו ראַטעווען. דערונטער אויך אונזער עדות הערש פריד.

די צוריקגעבליבענע פון זאַבלאָטאָוו זענען באַלד אַריבער אין קאָלאָמייער געטאָ, וועמענס ליקווידאַציע איז פאָרגעקומען אין יאַנואַר 1943. כדי אַלע באַהאַלטענע אידן צו צווינגען אַרויסצוקומען, האָבן די דייטשע מערדער מיט די אוקראינער אונטערגעצונדן דאָס

געטאָ. דערביי זענען הונדערטער מענטשן פאַרברענט געוואָרן, אַנדערע האָט מען אין די גאַסן דערשאָסן, און איינצעלנע האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן אין די וועלדער און צו לעבן דאָרט אַלס פּאַרטיזאַנער ביז צו דער באַפרייאונג דורך די רוסן.

ב. די שילדערונג פון זושע טוי

בעת די דייטשע חיילות זענען איינגעדרונגען קיין מזרח־גאַליציע און זיך יעדע שעה דערנענטערט צו אונזער שטעטל זאַבלאָ־טאָוו, האָבן אידן געפרעגט איינער דעם צווייטן: „וואָס ווייטער?". עס האָבן זיך געהערט שטימען: ווען מיר זאָלן קענען אַריבער די רוסישע גרעניץ, וואָלטן מיר געקענט איבערלעבן דעם קריג. אָבער אַלע וועגן זענען געווען פאַר אונז אידן פאַרשלאָסן און מיר האָבן זיך געזען גענויטיגט, צו בלייבן אין דער היים און זיך איבערגעבן דעם גורל. פּלוצים איז דעם 17.9.39 אָנגעקומען די ידיעה, פאַרשפּרייט דורך דעם רוסישן ראַדיאָ, אַז די רויטע אַרמיי מאַרשירט אין דער ריכטונג פון מערב און וועט באַזעצן די מזרח־געביטן פון פּוילן. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ געוויסע שמחה און אַ פאַרשטענדליכע באַרוהיגונג פון די אידישע געמיטער. מיט דעם אַריינקומען פון די רויטע סאָלדאַטן איז ווי פאַרשוואונדן געוואָרן די אַנטיסעמיטישע שטימונג. פּוילישע און אוקראַינישע נאַציס האָבן כהרף־עין זיך פאַרביטן אויף אידנ־פריינד, וואָרום איצט האָט זייער אידיאָלאָגיע נישט געהאַט קיין הצלחה. אַ יעדער איינער פון זיי איז געוואָרן אַ פיינער מענטש, האָט געלעבט גוט מיט אידן און זיך באַמיט צו באַקומען אַ פעטן פּאָסטן ביי דער סאָוויעטן־מאַכט, דערקלערנדיק זיך אַלס קאָמוניסט אָדער לכל הפחות אַלס סימפּאַטיקער פון קאָמוניזם. צוליב דעם סאָוויעטישן ווירטשאַפטלעכן סיסטעם און פּאָליטישער איינשטעלונג האָט אַ געוויסער טייל אידן מאַטעריעל און מאָראַליש געליטן, אָבער דאָך האָבן אַלע אידן זיך געפילט פריי, זיי האָבן געאַרבעט, פאַרדינט און פאַרגעסן די סכנה וואָס עס האָט זיי געדראָט אָנפאַנג סעפּטעמבער 1939. אידן האָבן געפּרובט זיך אומשיכטן, זענען געוואָרן פקידים,

האָבן געשאַפֿן קאָאָפּעראַטיוון אין אַלע בראַנזשעס און נאָר אַ גאָר קלײנער טײל איז געבליבן בײַם קלײנהאַנדל, שטרעבענדיק צו ליק־ווידאַציע, כּדי זיך צוצופּאַסן צו דער געזעלשאַפֿט אין דער נײַער אָרדנונג. די האָניק־חדשים פֿאַר אידן זענען אָבער געווען קורצע, ווײַל שוין אין יאָר 1940 האָט די רויטע אַרמײ אָנגעהויבן בויען גרויסע סטראַטעגישע פֿלי־פֿלעצער צווישן זאַבלאָטאָוו און גוואזדזיץ און דורכפֿירן גרויסע באַפֿעסטיגונגס־אַנלאַגען אויף זײערע מערבֿ־גרע־ניצן, וואָס האָט פֿאָראויסגעזאָגט נײַע געשעענישן, אַ נײַע באַדראָהונג פֿאַר אידן.

דאָס גרויסע אומגליק האָט אויף זיך נישט לאַנג געלאָזט וואַרטן. דעם 22־טן יוני 1941 אינדערפֿרי האָבן אַלע דײַטשע ראַדיאָ־זענדער מיטגעטײלט דאָס אַרײַנמאַרשירן פֿון די נאַציס אין רוסישן געביט, מיט דער לאָזונג „טויט פֿאַר אידן". אָבער ווי שרעקליך די דאָזיגע דראָהונג האָט ניט געקלונגען, האָבן אידן דאָך נישט געקאָנט גלויבן אין מאַסן־שחיטות און מ'האָט זיך געפּרובט טרייסטן מיט פֿאַר־שידענע פּירושים, יעדער אויף זײַן אײגענעם אופֿן.

אין יולי האָט די רויטע אַרמײ זיך צוריקגעצויגן פֿון אונזערע קאַנטן, אַ קלײנע צאָל אידן האָט געהאַט די מעגליכקײט מיט זײ מיטצוגעהן. דער גרעסטער חלק אידן איז אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט פֿון די דײַטשן און פֿון זײ אומגעבראַכט געוואָרן. עטליכע טעג נאָך דעם רוסישן ריקצוג האָט זיך באַוויזן אונגאַריש אָקופּאַציע־מיליטער, וועלכעס האָט אַקעגן אידן נישט שלעכט געהאַנדעלט. אין אַ געווּיסן מאָס זאָגאַר אָפּגעשאַפֿט די אַנאַרכיע און אונטערדריקט די אוקראַינישע מאָרדטאַטן. פֿאַרן אַרײַנקומען פֿון די אונגאַרישע חיילות האָבן די אוקראַינער דערמאָרדעט דעם אידישן מעדיצינער ד"ר וואָלפֿראָם און ניסן אײַזענקראַפֿט פֿון רודניק.

די אוקראַינער, וואָס האָבן בײַם אָפּמאַרש פֿון די רוסן אויפֿגע־הויבן די קעפּ און זענען געווען גרײט אויסצופֿירן היטלערס פֿאַראָל פֿון „טויט די אידן", האָבן זיך אנטוישט און אָנגעהויבן שיקן שליחים קײן לעמבערג צו די דײַטשע קאָמענדאַנטן, מ'זאָל אַוועקנעמען די אונגאַרישע סאָלדאַטן, וואָס האַלטן מיט די פּאָליאַקן און זאָגאַר מיט

אידן. די ערשטע פאַרבינדונגס־אָפיצירן וואָס זענען געפאָרן פון זאַבלאָטאָוו קיין לעמבערג צו די דייטשע אַרמיי־פירער, פאַרבעטן זיי קיין מזרח־גאַליציע, זענען געווען: וואַסיל איוואַניצקי און זיין ברודער איוואַן, וועלכער איז געווען פאַרן קריג פילם־דירעקטאָר פון „אופאַ" און האָט באַהערשט די אידישע שפּראַך און עברית.

צוליב דער פיינדליכער האַלטונג פון די אוקראַינער צו די אידן האָט גענצליך אויפגעהערט דאָס אַריינברענגען פון לעבענסמיטל און אַ גרויסער צאָל אידישע משפחות האָט אָנגעהויבן דראָהען דער הונגער. דאָס אונגאַרישע מיליטער האָט אַריינגעבראַכט אַ קליינעם שינוי לטובה, ברענגענדיק מיט אויטאָס פאַרשידענע לעבענסמיטל, וועלכע זיי האָבן פאַרטיילט פאַר גאָלד, זייגערלעך און אַנדערע ווערטזאַכן. אָבער דאָס האָט זיי נישט געשטערט, יעדן טאָג צו נעמען אידן צו פאַרשידענע צוואַנגס־אַרבעטן און צו פאָדערן פון די אידן צוצושטעלן לעבענסמיטל פאַר דער אונגאַרישער אַרמיי אַלס קאָנטריבוציע. איינצלנע פאַטרולן זענען איבערפאַלן אידישע משפחות, זוכנדיק ביי זיי וואָפן און ביי דער געלעגענהייט אוועקגענומען וואָס זיי האָבן געפונען.

בעת דער אונגאַרישער אָקופּאַציע זענען געקומען קיין קאָלאָמיי עטליכע דייטשע נאַציס און האָבן צוזאַמענגעטריבן בערך 200 אידן, אַרויסגעפירט זיי קיין דיאַטקאָווצע, ביי קאָלאָמיי, וואו מ'האָט איטליכן אויפגעפאָדערט אויסגראָבן פאַר זיך אַ קבר, בשעת דער אַרבעט איז אָנגעפאָרן אַ אונג. גענעראַל. ער האָט זיך אַקעגנגעשטעלט דעם באַפעל פון די דייטשע מערדער, געהייסן אָפּפירן אַלע פערהאַפטעטע אידן קיין קאָלאָמיי און דאָרט האָט מען זיי צוביסלעך אַרויסגעלאָזט פריי.

בשעת דער אונגאַרישער אָקופּאַציע איז די פּאָליציי באַשטאַנען פון אוקראַינער, וועלכע זענען געווען פריהער פּוילישע, דאַן רוסישע און יעצט אוקראַיניש־דייטשע פּאַטריאָטן. זייער פּאַטריאָטיזם האָבן זיי באַוויזן דערמיט, וואָס זיי האָבן אַרעסטירט משה לינדאואר, שלמה ראָזנבאום און דעם דעפּוטאַט פון דער סאָוויעטישער ווערכאָוונאַראדא און איבערגעגעבן זיי דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער אין פעטשענישין, פון וואַנען זיי זענען נישט מער אַרויסגעקומען.

אין אויגוסט האָט דאָס אונגאַרישע מיליטער באַקומען דעם באַפעל, צו מאַרשירן ווייטער און צו באַזעצן מער מזרח־געביטן. דעם דינסט אין אונזער שטעטל האָט איבערגענומען די אוקראַינישע פּאָליציי און אַ דייטשע פּיאָניר־קאָמפּאַניע, וועלכע האָט אויך געהאַט די אויפגאַבע, מיט הילף פון אידישע כוחות, צו פאַרריכטן די פּרוטבריק און די באַן־שטרעקע. צו דעם צוועק האָבן די אידן געמוזט ביישטעלן יעדען טאָג די פאַרלאַנגטע צאָל אַרבייטער (בערך 100 אידן). די דייטשע מאַכט האָט אַרויסגעגעבן אַ שטרענגן באַפעל, אונטער דראָהונג מיט שווערער שטראָף, לויט וועלכן אידן מוזן איבערגעבן זייער גאַנצן זאַפּאַס פון גאָלד, זילבער, ברילִיאַנטן און אַנדערע פיינמעטאַליקע חפצים. אידן זענען געשטאַנען אין לאַנגע שורות און געוואַרט אויף דער מינוט פּטור צו ווערן פון די חשובסטע משפּחה־זכרונות. די בעסטע און שענסטע זאַכן וואָס אידן האָבן געבראַכט, האָבן די אוקראַינישע בעאַמטע פון דער אַדמיניסטראַציע און פון דער פּאָליציי און אויך די דייטשע קאָמענדאַנטן באַהאַלטן פאַר זיך.

דער ערשטער באַפעל איז נאָר וואָס דורכגעפירט געוואָרן, און שוין איז געקומען אַן אַנדער באַפעל אונטער דראָהונג מיט טויט־שטראָף, אַז אידן טאָרן נישט אַרויסגעהן פון תחום־המושב. די כוונה פון דער פאַראָרדנונג איז געווען, אויסצוליפערן אידן דעם זיכערן טויט, קודם דורך אָפּשיידן זיי פון דער נישט־אידישער באַפעלקערונג און אַזוי־אַרום אַוועקנעמען ביי זיי די מעגליכקייט פון פאַרשאַפן זיך לעבענסמיטל, און דאַן דורך אויסמאָרדן זיי. דערביי האָבן דייטשע פעלדזשאַנדאַרמען, שופּאָ און געסטאַפּאָ, טעגליך געפאָדערט פון יודנראַט, ביז צו אַ בעשטימטער שעה צוצושטעלן זיי פאַרשידענע אָפּט נישט בנמצא׳דיקע זאַכן, וועלכע דער יודנראַט האָט געמוזט, נישט איינמאָל מיטן כוח פון דער אידישער הילפסדינסט־פּאָליציי, צווישן אידן צונויפנעמען.

בעת מ׳האָט ביי אידן אויף פערשידענע אופנים געצאַפּט דאָס בלוט, צונעמענדיק ביי זיי אַלצדינג, געצוואונגען זיי צו די שווערסטע אַרבעטן און לאָזנדיק זיי ממש פאַרהונגערן, זענען געסטאַפּאָ־אָפּצירען אַרומגעפאָרן אין אַלע שטעטלעך און אויסגעאַרבעט פּלענער,

ווי אמבעסטן און לייכטסטן דורכצופירן די מאָרד־אַקציעס. פאַר יעדן אידישן ישוב איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ באַזונדערער סטראַטעגישער פלאַן מיט אַ באַשטימטן טערמין פאַר דער מאָרד־אַקציע. דער פאַראַנטוואָרטליכער פירער פאַר דעם גאַנצן קאָלאָמייער קרייז איז געווען דער קרייזהויפטמאַן פאָלקמאַן און זיין פאַרטרעטער, דער אוקר. סעמאַטיוק פון אילינצע ביי זאַבלאָטאָוו.

אָנפאַנג סעפטעמבער 1941 האָבן אָנגעהויבן דערשלאָגן זיך צו אונז פון קאָלאָמיי און סטאַניסלוי פאַרשידענע, נישט־קאָנטראָלירטע ידיעות וועגן מאָרד־אַקציעס לויט נאמענטליכע ליסטן, קודם־כל געגן דער אידישער באַרופס־אינטעליגענץ, און וועגן מאַסן מאָרד־איבערפאַלען אויף אטיניא, נאַדוואָרנע, סניאַטין און צולעצט אויך אין קאָלאָמיי און סטאַניסלוי.

די דאָזיקע ידיעות האָבן זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן פאַר אמת. די מאָרד־אַקציעס אין קאָסאָוו דעם 16־טן און 17־טן אָקטאָבער, וועלכע זיינען דורכגעפירט געוואָרן אופן באַרג איבער דער שטאָט, האָבן געעפענט די אויגן פון אַלע אידישע ישובים אין דער סביבה, אַז דאָ מיינט מען נישט קיין שום אַרבעטסלאַגערן, נור פשוט מאָרד און טויט. קודם האָט יעדער זיך אָנגעגרייט צו די אַקציעס פאַרשידענע וואַרעמע בגדים און שיך און איינגענייט זיך אין די קליידער אַביסל געלד, כדי זיך צו קענען אין די לאַגערס אויסקויפן פון די באַנדיטישע הענט אָדער לכל הפּחות זיך פאַרגרינגערן די ליידן.

נאָך די זיכערע ידיעות וואָס מיר זאַבלאָטאָווער האָבן באַקומען וועגן דער אַקציע אין קאָסאָוו און נאָך די באַרוהיגונגען מצד די קאָלאָמייער יודנראַטן האָראָוויץ און יאַקאָבי (זיי פלעגן אָפט באַזוכן די שטעטלעך אין דער קאָלאָמייער סביבה כדי איינצוקאַסירן פאַרשידענע מסים, און האָבן דערביי פאַרזיכערט דעם עולם, דאָס אַזעלכע אַקציעס — זיי האָבן דאָס גערופן „טשיסטקעס“ — ווערן אין יעדן אידישן ישוב דורכגעפירט נאָר איינמאָל און זיי וועלן זיך נישט מער איבערחזרן), האָט יעדער נאָך זיינע בעסטע קרעפטן און מעגליכקייטן באַמיט זיך צו אַנטלויפן פון זאַבלאָטאָוו אין אַזאַ אָרט, וואו די אַקציע איז שוין פאָרגעקומען. אַ סך אידן האָבן

געפּרובט זיך דערשלאָגן קיין קאָסאָוו כדי זיך דאָ אויסצובאַהאַלטן פאַר דעם שרעקליכן שטורם. נאָר אַ קלענעם טייל האָט זיך דאָס איינגעגעבן; דעם גרעסטן טייל דאַגעגן האָט די אוקר. פּאָליציי אַרעסטירט, אַוועקגענומען ביי זיי וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט און שלאָגנדיק מכות־רצח אומגעקערט זיי אַהיים, וואָס האָט באַטייט — טויט.

אַזוי זענען זאַבלאָטאָווער אידן פון העלפט אקטאבער ביז 22־טן דעצעמבער 1941 געלאָפן אין אַלע ריכטונגען, קיין גוואָזדזיעץ, כלע־בישין, ראָזנאָוו, קאָסאָוו און פאַרשידענע אַנדערע דערפער, צו פארמוטליכע גויאישע גוטע פריינד, וועלכע האָבן די אידן דאַן פאַר־ראַטן, אַרויסגעבנדיג זיי צו די טרייבערס (העלפערס פון דער געסטאַפּאָ) אדער, אין בעסטן פאַל, זיי נאָך עטלעכע טעג אַרויס־געוואָרפן, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיי קודם גאַנץ אויסגעליידיגט. עס האָט זיך צום סוף אַרויסגעוויזן, אַז דער גרעסטער טייל פּאָליאַקן און אוקראינער (מיט קליינע אויסנאַמען), וועלכע האָבן די אידן געגעבן שוץ פאַר אַ קורצער צייט, אַז זיי האָבן נאָר געמיינט דאָס כאַרמעגן פון די אידן און האָבן דאָס כלל נישט געטאָן צוליב מענטשן־פריינדליכקייט. צו יענער צייט זענען די אידישע וואָהנונגען ביי טאָג געווען כמעט לעדיק, אויף דער נאַכט פלעגן איינצעלנע איינוואוינער אַ הייכקומען פון זייערע באַהעלטענישן און צוזאַמגנס מיטגענומען מיט זיך פון דעם צוריקגעלאזענעם ביסל אָרימקייט און עס דאַן פאַרביטן פאַר אַ ביסל קאַרטאָפל, קוקורוז מעל וכדומה.

אויף דעם אופן האָבן זיך אידן דערהאַלטן דעם חיות און יעדן פרימאָרגן געבראַכט זייערע משפחות ידיעות פון דער היים און שמועות וועגן דעם טערמין פון דער קומענדיגער מאָרד־אקציע.

עטלעכע וואָכן פאַר דער מאָרד־אַקציע האָבן די נאַצי־מערדער אויף דעם באַרג כאמאוו, געלאָזט אויסגראָבן דריי גרויסע גריבער, כלומרשט פאַר לופטשוץ־אַפוועהר־קאַנאַנען. אידן, וואָס האָבן גע־אַרבעט ביי דער פרוט־בריק, זענען דערפון געוואָר־געוואָרן און האָבן אָנגעהויבן נאָכפאָרשן וועגן דעם ענין. דעם אמת האָט מען נישט געקאָנט דערגיין, אָבער די בלויזע ידיעה האָט אָנגעוואָרפן אויף די אידן אַ פחד און שרעקליכע בהלה, וועלכע לאָזט זיך אין ווערטער

נישט אויסדריקן. יעדער איז ווי ווילד געלאָפן, נישט וויסנדיק וואראַהין און צו וועמען, אבי אַוועק פון דעם אָרט וואו דער זיכערער טויט האָט געלויערט. די קעלט און דער הונגער האָבן צום איבריגען געפּלאָגט און אַרויסגעצויגן דאָס לעצטע ביסל כוחות פון די אומגליקליכע. די גויים, וועלכע האָבן פאַר טייערן געלד און פאַרשידענע חפצים באַהאַלטן אידן אין זייערע תבואה־קאַמערן, האָבן זיי באַלד געגעבן די עקסמיסיע. אַזוי ווי אָט דער אומגעוויסער מצב האָט זיך לאַנג געצויגן, זענען אַסך אידן דורך זייער נויט געווען גענויטיגט זיך אומצוקערן אין זייערע וואוינונגען.

אין יעדער שטאָט האָט די געסטאַפּאָ פאַר די אַקציעס אָרגאַניזירט אַ גרופּע אוקראַינער (אויך פּאָליאַקן האָבן דערביי מיטגעהאָלפן), וועלכע האָבן בשעת דער אַקציע, לויט אַ באַשטימטן סיגנאַל, אָנגעהויבן טרייבן די אידן פון די אונטערגאַסן און באַהעלטענישן אין די הענד פון די דייטשע מערדער. פאַר זאַבלאָטאָוו האָט מען אָרגאַניזירט צוויי גרופּעס, איינע אונטער דעם קאָמאַנדאָ פון קניהיניצקי פון באליניץ, אַ „ספּעץ", וועלכער האָט באַקומען זיין ערציהונג אין דער היטלער־יוגענד און איז געווען אַ זון פון אַ אידנמערדער (די פּוילישע מאַכט האָט פאַרן קריג זיין פאָטער פאַראורטיילט צום טויט און דעם פּסק־דין אויך אויסגעפירט). די דאָזיגע גרופּע האָט געהאַט די אויפגאַבע, די אידן נאָכצושפּיאָנירן און נאַכצוקוקן וואוהין זיי לויפן און ווען זיי קומען צוריק אין זייערע וואהנונגען, ווי אויך מיטצוהעלפן דורכפירן די אַקציע. די צווייטע גרופּע איז באַשטאַנען פון פּאָליאַקן אונער אָנפירונג פון טאַדעאוש קאָסאָווסקי און דעם קוימענקערער פראַנץ, וועלכע זענען געקומען אין טאָג פון דער אַקציע פון קאָלאָמיי. אַ אַקטיוון אַנטייל אין דער מאָרד־אַקציע אַקעגן אידן האָט גענומען אויך די גאַנצע אוקראַינישע פּאָליציי אונטערן קאָמאַנדאָ פון דיקי.

אַזוי ווי די געסטאַפּאָ האָט פון אירע פאַרטרויענסמענער באַקומען אַ ידיעה, אַז אַ גרויסער טייל אידן זענען צוריקגעקומען אין שטאָט אַריין, האָט זי באַשטימט דעם 22־טן דעצעמבר 1941 אַלס טאָג פון דער „אַקציע".

אין אָט דעם טאָג, זיבן אַ זייגער אינדערפרי, זיינען פון קאָלאָמיי אָנגעקומען עטליכע געסטאַפּאָ־יונגען מיט זייער שוואַרצן טויט־וואָגן און האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי דער שטאָטגרעניץ אויפן דעמיטש, וואו ס׳האָבן געוואוינט — געמישט מיט קריסטן — עטליכע אידישע פאַמיליעס. זיי האָבן די אידן אַרויסגעשלעפּט מון די בעטן און פון די שטיבער, אויסגעשטעלט זיי אין שורות און זיי געפירט צום רינגפלאַץ. קיין איינציק אידיש הויז האָבן זיי נישט אויסגעפּעלט, זייענדיק אינפאָרמירט דורך די אָרטיגע כוליגאַנעס וואו יעדער איד וואהנט. אַחוץ דעם האָבן אַלע קריסטן אַרויסגעשטעלט אין זייערע פענסטער הייליקע בילדער, כדי אַזוי־אַרום צו פאַרמסרן די אידן.

דער ערשטער קרבן, וועלכער האָט זיך נישט געוואָלט לאָזן פירן ווי שאָף צו דער שחיטה און האָט געפּרובט אַנטלויפן, איז געוועזן בוזיע לאַנגשטיין. ער איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. פאַר דערזעלבער עבירה האָט מען יצחק זינגער בן אליהו אָפּגעשאָסן די האַנד און אים אַזוי געפירט, אינאיינעם מיט דער גאַנצער מחנה אידן, צו דער עקזעקוציע. אַן אַנדער גרופּע אידן, דאַרונטער חיים טאַו יעקב׳ס, ישראל איואניר און אַנדערע, וועלכע מ׳האָט אַרויסגעשלעפּט פון קאָסאָווער בית־המדרש, האָט מען געפירט אין טלית און תפילין.

דער זאַמלפּונקט איז געוועזן דער זאַבלאָטאָווער רינגפלאַץ, פון דאַנען האָט מען קלענערע גרופּעס איבערגעפירט אין הויז פון ברעטלערן, וואו מהאָט קודם געגעבן אַ באַפעל, אַרויסצוגעבן אַלסדינג וואָס מהאָט באַהאַלטן. דאַן האָט מען אַלעמען באַזוכט, צי האָבן זיי ניט עפּעס פאַר זיך איבערגעלאָזט. פאַר אַזאַ עבירה האָט מען געהאַט אויסצושטיין פאַרשיידענע פייניגונגען. בשעת אידן זענען געגאַנגען זייער לעצטן וועג, צו די דריי מאַסן־גריבער אויפן כאמאוו, האָבן זיך אויפן רינגפלאַץ צוזאַמענגעקליבן אַ המון אוקראַינער און געשעפּט נחת פון דעם בלוטיקן שוישפּיל. זייער בלוט־דורשט איז געוועזן אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן די אידן נאָך פאַרביטערט זייערע לעצטע מינוטן, וואַרפנדיק אויף זיי שטיקער אייזן, העק און שטיי־נער. די געסטאַפּאָ־לייט זענען אַריינגעפאַלן צו מענדעל טוי מיט א געשריי „יודן הערויס״, אין מאָמענט פון זייער פערצווייפלונג, האָבן

מענדל און זיין פרוי העניע זיך אַקעגנגעשטעלט די באַנדיטן, לעגי־טימירנדיג זיך מיט זייערע אַמעריקאַנער פּאַספּאָרטן. דערפאַר זענען זיי אַזוי מאַסאַקרירט געוואָרן, אַז געהענדיק צו דער עקזעקוציע, האָט מען בכלל נישט געקענט דערקענען, צי זענען דאָס מענטשן אָדער בלוטיקע פליישמאַסען. אַריינקומענדיק צו ד״ר נוסענבלאַט, האָט די געסטאַפּאָ אים געטראָפן פאַרטיפט אין אַ וויסנשאַפטליך ווערק אין דייטשער שפּראַך און אַלע זיינע עסטרייכישע קריגס־דעקאָראַציעס פון ערשטן וועלטקריג זענען געלעגן אויפן טיש. די רוצחים האָבן אים געפרעגט, וואו זיין פרוי און קינדער זענען, און באַקומענדיק פון אים די תשובה, אַז זיי געפינען זיך ביי אַ שכן, האָבן זיי אַ ברום געטאָן „דו בלייבסט״ און זענען אַוועקגעגאַנגען. דער דעמיטשער רב ר׳ אברהם האַגער איז געווען באַהאַלטן און האָט געקאָנט איבערלעבן די אַקציע, אָבער זעהענדיק וואָס עס געשעט מיט אַלע אידן, האָט ער געזאָגט, אַז זיין פּלאַץ איז דאָרט וואו זיינע אידן זענען, און ער האָט זיך אַליין איבערגעגעבן צו דער מערדער־באַנדע. אַ ענליכער פאַל איז פאָרגעקומען מיט משה פריץ, וועלכער איז מיט נאָך אידן געווען באַהאַלטן ביי סענדער טוי אין קעלער. גויים האָבן געמסרט דאָס באַהעלטניש. עטליכע געסטאַפּאָ־לייט זענען געקומען זוכן די אידן, נאָר מורא־האָבנדיק אַריינצוגיין אין קעלער אַריין, האָבן זיי פון דרויסן אַריינגעשאָסן און געשריען „יודען הערויס״. זעענדיק די סיטואַציע, האָט משה פריץ געזאָגט, אַז אויב מען נעמט אַוועק אַלע אידן, האָט אויך זיין לעבן קיין שום ווערט ניט און איז אַרויסגעגאַנגען פון קעלער מיט נאָך עטליכע אידן. דער רעשט, דאַרונטער אויך סענדער טוי, זענען פון קעלער נישט אַרויסגעגאַנגען און אַזוי אַרום פאַר אַ געוויסער צייט ניצול געוואָרן.

אין קעלער ביי אייזיק יוראַן זענען געווען באַהאַלטן 29 אידן. אַ אוקראַינישער פּאָליסמאַן, וועלכער איז אויך ביי די סאָוויעטן געווען אין פּאָליציי־דינסט און האָט צו יענער צייט אין אָט דעם קעלער מיט אַ געהיימער טיר ענטדעקט אַ סקלאַד שיך, האָט יעצט אין דעם זעלבן קעלער אָפּגעזוכט די באַהאַלטענע אידן און זיי

איבערגעגעבן דער געסטאַפּאָ. על פּי נס איז עס זעליג גרוס, איינער פון די 29, דאָס מאָל געלונגען ניצול צו ווערן.

אַ געוויסע צאָל אידן וואָס האָבן געפּרובט ענטלויפן, האָט מען דערשאָסן; ניט איינער איז אַ טויטער געבליבן הענגען אויף פּאַרקאַנעס. במשך היום זענען אין שטאָט אַליין געווען אַרום הונדערט קרבנות, וועלכע זענען דאַן געבראַכט געוואָרן צו קבר ישראל אויפן אידישן בית־עלמין. דער לעצטער קרבן פון דער אַקציע איז געווען זעליג שולמאַן, וועלכער איז נאָך דער אַקציע אַרויסגעגאַנגען פון זיין באַהעלטניש כדי צו זען וואָס עס טוט זיך אין שטאָט און איז פון אַ פאַרבייגעהנדיקן געסטאַפּאָ־יונג פאַר זיין שוועל ערמאָרדעט געוואָרן.

אין דער דאָזיגער אַקציע זענען ערמאָרדעט געוואָרן לערך 900 אידן, אנשים נשים וטף, וועלכע רוהען אין די דריי מאַסן־קברים אויפן באַרג כאמאוו. אָט די קברים זענען צו דעם צוועק מיט וואָכן צוריק צוגעגרייט געוואָרן. די מאָרד־העלדן האָבן פאַרלאָזן זאַב־לאָטאָוו זינגענדיק דאָס האָרסט־וועסל־ליד.

אין דער נאַכט נאָך דער אַקציע און שפּעטער האָבן די שכנים, אוקראינער, אויסגעפּלינדערט אַלע וואהנונגען פון די קדושים, ווי אויך פון יענע אידן, וועלכע זענען געווען באַהאַלטן און האָבן אויך נאָך דער אַקציע מורא געהאַט זיך אומצוקערן אַהיים.

דער פאַרטרויענסמאַן פון דער געסטאַפּאָ, קניהיניצקי, האָט זיך אַרומגעדרייט מיט זיין וואָלפס־הונד אין אַלע אידישע גאַסן, און וואו ער האָט געזען אַ אידן, האָט ער אויף אים אָנגערייצט דעם הונד, כדי אַזוי אַרום צו האַלטן די איבערגעבליבענע אידן ווייט פון זייערע וואהנונגען. אונטער סכנות נפשות האָבן זיך אידן צוביסלעך אומגעקערט אין זייערע אויסגעפּלינדערטע און חרובע דירות, זעלטן־ווער מיט זיין גאַנצער משפחה.

די צום־טויט־איבערגעשראָקענע אידן האָבן זיך אַרומגעדרייט ווי שאָטנס, דורכגעגנבט זיך פון שטוב צו שטוב און פון שכן צו שכן, געזוכט און נאָכגעפרעגט אויף עלטערן, קינדער, פרויען און גוטע פריינד.

די צינישע בעסטיאַליטעט פֿון די ברוינע מערדער איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז תיכף נאָך די דערמאָנטע מאָרד־אַקציעס האָבן זיי געפֿאָדערט, אונטער דראָהונג מיט טויטשטראָף, אַ וועקגעבן זיי די גאַנצע פֿעלצוואַרג וואָס אידן פֿאַרמאָגן, אין וואָס פֿאַר אַ פֿאָרם דאָס פֿעלץ זאָל נישט זיין. צו דעם צוועק האָבן זיי אָרגאַניזירט אידישע קרייז־און אָרט־קאָמיסיעס, וועלכע האָבן אָט דעם בעפֿעל געענוי פֿאַרווירקליכט. נאַטירליך האָבן די דייטשע און אוקראַינישע זשאַנדאַרמעריע ווי אויך די אוקראַינישע אדמיניסטראַציע־בעאַמטע די בעסטע און שענסטע פֿעלצן גענומען פֿאַר זיך און זייערע פֿרויען. נאָך דער פֿעלץ־אַקציע איז איינגעטראָטן אַ קליינע רו־פּויזע, צום טייל צוליב דעם שטרענגן ווינטער און צום טייל צוליב דעם וואָס אַלע אידישע ישובים אין דער סביבה חוץ קיטעוו און ראַזנאָוו האָבן די אַקציעס שוין אַדורכגעמאַכט. אָבער נאָך דער קליינער הפסקה איז געקומען דער גרויסער שטורם, אין וועלכן דאָס פּוילישע אידנטום איז גענצליך פֿאַרניכטעט געוואָרן, און נאָך אויף אַ פֿיל גרויזאַמערן אופֿן ווי ביז יעצט. אין דער צווישנצייט האָבן אידן געבויט אינטערערדישע באַהעלטענישן („באָנקורעס”), און ווי נאָר סהאָט זיך באַוויזן אין שטעטל אַ דייטשער מערדער, זענען אידן פֿאַרקראָכן אין זייערע נאָרעס.

דער ווינטער האָט זיך דערנענטערט צום סוף און אידן האָבן אינסטינקטיוו דערפֿילט, אַז זיי שטייען פֿאַר אַ נייער אָנשיקעניש. שרעקליכע שמועות האָבן ווידער באַאומרוהיקט דאָס ביסל צעבראָכענע אידן. לויט באַקומענע ידיעות מצד דעם קרייז יודנראַט אין קאָלאָמיי, האָט די געסטאַפּאָ פֿערלאַנגט, אַז די יודנראַטן מיט זייער אידישער הילפֿס־מיליץ זאָלן דער געסטאַפּאָ איבערגעבן מיט זייערע אייגענע הענט אַלע קינדער און עלטערע מענטשן, וועלכע זענען נישט אַרבייטספֿעהיג. דאָס מיינט צו זיין די מערדער פֿון זייערע אייגענע עלטערן, קינדער, ברידער און שוועסטער. די יודנראַטן האָבן די דאָזיגע פֿאָדערונג צוריקגעוויזן. עס זענען דאַן אין קאָלאָמייער געטאָ פֿאָרגעקומען פֿאַלן, וואו אידן זענען דורך דער געסטאַפּאָ פֿאַרכאַפּט געוואָרן און די פֿאַרכאַפּטע זענען דאַן געגן איבער־

געגעבענע עלטערע מענטשן אויסגעטוישט אָדער אויסגעפירט גע־וואָרן.

יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע שרעקנס־נאַכריכטן. אין אַ טייל פון קאָלאָמייער ישוב האָט מען דורכגעפירט אַ אקציע אויף דעם אופן, אַז אַ חוץ דעם מאָרדן מיט וואָפן האָט מען אונטער־געצונדן הייזער, אין וועלכע אידן אין גרויסער צאָל זענען געווען באַהאַלטן און זיי אַזוי אַרום לעבעדיקערהייט פאַרברענט. גוואַז־דזיצער אידן זענען צוזאַמענגעטריבן געוואָרן אין עטלעכע געסלעך (געטאָ) און זיי פון אַלע זייטן אונטערגעצונדן און אַלע אידן לעבע־דיק פאַרברענט.

דעם 7־טן טאָג פסח 1942 האָט די געסטאַפּאָ איבערפאַלן די אידישע ישובים אין יאַבלאָנאָוו און פיסטין — אויף דער שטרעקע קאָלאָמיי—קאָסאָוו — און אַ טאָג שפּעטער קיטעוו, וואו מען האָט אונטערגעצונדן הייזער פון אַלע זייטן און איבערגעגעבן די אידן דעם קוואַלפולן טויט. די גאַסן זענען געווען באַדעקט מיט אידישע מתים.

אחרון של פסח האָט מען אין זאַבלאָטאָוו צוזאַמענגעטריבן בערך 400 אידן און זיי פאַרלאָדן אין בהמה־וואַגאָנעס. אַ טייל פון זיי איז אין אַ קורצער צייט אַרום דערשטיקט געוואָרן אין די וואַגאָנעס. וואוהין דער טראַנספּאָרט איז געגאַנגען, ווייס קיינער נישט. אין דעם מצב האָבן די לעבעדיקע מקנא געווען די טויטע, ווייל די לײדן זענען געווען אומדערטרעגליכע.

נאָכן אָפּגיין פון לעצטן טראַנספּרט אידן פון זאַבלאָטאָוו איז געקומען דער באַפעל, אַז דער זאַבלאָטאָווער אידישער ישוב ווערט ליקווידירט. חוץ עטליכע אידן וועלכע בלייבן צוריק אַלס נויטווענדיגע האַנדווערקער און שווער־ארבעטער, מוז דער רעשט אידן דעם 24־טן אפּריל 1942 אַריבערגיין אין געטאָ פון קאָלאָמיי, וואָס האָט פאַר יעדן באטייט אַ פאַמעליכען אָבער זיכערן טויט. מיט־נעמען מיט זיך האָט מען געמעגט נאָר אַזוי פיל, וויפיל יעדער האָט געקענט אויף זיין געבראָכענעם רוקן טראָגן, און עס דערטראָגן — געהענדיק צו פוס — ביז קאָלאָמיי. פון זאַבלאָטאָוו ביז קאָלאָמיי

זענען 20 קילאָמעטער וועג און צו מאַרשירען אַזאַ מהלך מיט באַגאַזש איז געווען פאַר אָט די אויסגעהונגערטע מיט זייער זעלישער פאַר־פאַסונג — די גרעסטע קראַפט־פּראָבע.

אידן זענען געשטאַנען פון פרימאָרגן ביז אויפדערנאַכט פאַר דעם לאָקאַל פון יודנראַט מיט זייערע פּעקלעך און זייערע ווערט־זאַכן וואָס די שונאים האָבן נאָך נישט אַוועקגערויבט, אין דער האָפנונג, אפשר וועלן זיי דערמיט קענען קויפן זיך דאָס רעכט צו מעגן בלייבן אין זאַבלאָטאָוו אַלס „אונענטבעהרליך".

דעם 24־טן אפריל זענען אַלע אידן אַוועקגעגאַנגען אין קאָלאָ־מייער געטאָ. אין זאַבלאָטאָוו זענען געבליבן בלויז 20 משפחות „אונענטבעהרליכע". פאַר אַלטע און קראַנקע מענטשן האָט די שטאָטגעמיינדע צוגעשטעלט פערד און וואָגן. אין קאָלאָמייער געטאָ האָבן אידן געוואוינט ביז 20 מענטשן אין איין חדר, אַ קילאָ קוקו־רוז מעל האָט געקאָסט אַ דאָלאַר און מער (אויב עס איז נאָר געווען צו באַקומען). אידן זענען געשטאָרבן אין די גאַסן פאַר הונגער. פאַרן גרעסטן טייל אידן איז אַ ביסל קאַרטאָפל־שאָלעכץ געווען אַ זעלטענהייט, ווייל אויך דאָס איז נישט געווען צו באַקומען. אידן זענען ממש געשוואָלן געוואָרן פאַר הונגער און אָרומגעהענדיגערהייט אויסגעהויכט די נשמות.

נאָך צוויי־וועכענטליכען זיין אין קאָלאָמייער געטאָ האָט די געסטאַפּאָ אָנגעהויבן אָרגאַניזירן פאַרשידענע אַרבעטסגרופּעס, ווי קראַפּעווע זאַמלער, שמאַטע־קלייבערס, אַלטאייזנזאַמלער ווי־אויך לאַנדווירטשאַפטליכע אַרבעטסגרופּעס. אידן, וואָס האָבן געהאַט אַזעלכע לעגיטימאַציעס, האָבן זיך געמעגט אומקערן אַהיים, וואו ס'זענען ווידער געשאַפן געוואָרן קליינע געטאָס. יעדער איד וואָס האָט נאָך עפּעס פאַרמאָגט האָט זעלבסטפאַרשטענדליך געטראָגן דאָס לעצטע צו די אידישע מעקלערס, כדי זיך צו פאַרשאַפן אַזאַ לעגי־טימאַציע. געהענדיק זאַמלען די דערמאָנטע מאַטעריאַלן, האָבן די זאַמלער געהאַט די מעגליכקייט אויסצובעטן אונטערוועגס ביי די אוקראַינער אַביסל לעבנסמיטל כדי צו דערהאַלטען זיך און זייערע משפחה־מיטגלידער דאָס חיות.

אויף אַזאַ אופן האָבן אידן זיך געמוטשעט ביז צום 7־טן סעפטעמבער 1942. אין אָט דעם טאָג האָבן אלע פרויען און מענער, וואָס האָבן געהאַט אַרבעטס־לעגיטימאַציעס, געמוזט זיך רעגיסטרירן אין סניאַטין. דאָרט האָט מען אַלע פאַרהאַלטן אין סאָקאָל־זאַל, דאַן פאַרלאָדן זיי אין וואַגאָנעס און זיי געפירט אין פאַרשידענע ריכטונגען צו דער פאַרניכטונג. דעם רעשט אידן פון זאַבלאָטאָוו האָט מען דאָרט צוזאַמענגעטריבן און זיי פאַרלאָדן באַזונדער און אַזוי אַרום צעשיידט די משפחות אויף אייביג.

אַ גרויסער טייל פון די אַזוי פאַרלאָדענע אידן זענען נאָך אַ פּאָר שעה דערשטיקט געוואָרן אין די וואַגאָנעס מחמת גרויס ענגשאַפט. אידן, וואָס האָבן געהאַט אַ ביסל כוח, בפרט יונגערע מענטשן, זעענדיק אַז זיי האָבן שוין גאָר נישט וואָס צו פאַרלירן, האָבן דורכגעבראָכן די אייזערנע קראַטעס אין די וואַגאָנעס און איינער נאָך דעם צווייטן זענען זיי אַרויסגעשפרונגען אויס דעם פאָרנדיקן צוג. דער רוב זענען געהרגט געוואָרן ביים שפּרינגען אָדער דערשאָסן געוואָרן פון דער געסטאַפּאָ־אָבסערוואַציע גרופּע, וואָס האָט בעגלייט דעם צוג און זיך אויפגעהאַלטן אין לעצטן וואַגאָן פונם צוג.

בסך־הכל האָט זיך נאָר געציילטע מענטשן איינגעגעבן זיך צו ראַטעווען דאָס לעבן. זייער איינציקער ציעל איז צו יענער צייט געווען טשערנאָוויץ, וואו עס האָבן זיך נאָך געפונען — נאָך דעם ערשטן גירוש פון די דאָרטיקע אידן אין נאָוועמבער 1941 קיין טראַנסדניסטריען — לערך צוואַנציג טויזענד אידן און געלעבט אין פאַרהעלטניסמעסיק גוטע באַדינגונגען.

אין טשערנאָוויץ זענען אינזערע פּליטים ווייטער געדודפט געוואָרן דורך דער רומענישער פּאָליציי און אַסך פון זיי, ניט האָבענדיג קיין דאַך איבערן קאָפּ, זענען פון דער דאָרטיקער פּאָליציי דערווישט געוואָרן און זי האָט זיי איבערגעגעבן צו דער געסטאַפּאָ קיין סניאַטין (פויליש־רומענישע גרעניץ).

זונדל שיינהאָרן

## זאַבלאָטאָווער לאַנדסלײַט אין אַמעריקע גרינדן אַ העברעאישע שול אין זייער אַלטער היים

אין די ערשטע יאָרן פון אידישער מאַסן־אימיגראַציע קיין אַמעריקאַ, זענען דאָ ענטשטאַנען לאַנדסמאַנשאַפט־פאַריינען פון הינדערטער שטעט און שטעטלאַך אין אייראָפּע, צו וועלכע עס באַלאַנגען אַלס מיטגלידער אַלע די וואָס קומען פון די באַטרעפענדע ערטער.

די דערמאָנטע פאַריינען האָבן אָרגאַניזירט די הילף פאַר די נאָר־וואָס אָנגעקומענע אימיגראַנטען, סיי מאָראַלישע סיי מאַטריעלע הילף. יעדער פאַריין האָט אַ אייגענע לייקאַסע, אַ קראַנקען־גאַסע און פרייע מעדיצינישע הילף, אַ באַזונדערן בית־עולם, און ווען אַ מיטגליד שטאַרבט, צאָהלט דער פאַריין דער אלמנה אַ באַשטימטען בעטראַג. אין די ערשטע יאָרן זענען די לאַנדסמאַנשאַפטס־פאַריינען געווען אַ גרויסע שטיצע פאַר די ניי־געקומענע, אַלס פּרטים, און פאַר דעם אַמריקאַנער אידישן ישוב אין אַלגעמיין.

אין יאָר 1896—97 האָבן אויך זאַבלאָטאָווער לאַנדסלייט דאָ געגרינדעט אַזאַ פאַריין מיטן נאָמען „רבנו מענדל האַגער זאַבלאָטאָווער קראַנקען־אונטערשטיצונג־פאַריין”. אין 1899, ווען ישכר טהוי ז״ל און זונדעל שיינהאָרן זענען געקומען קיין אַמעריקאַ, האָט דער פאַריין געהאַט 30 מיטגלידער. היינט ציילט דער פאַריין 250 מיטגלידער און אינאיינעם מיט די פרויען פון די מיטגלידער און זייערע קינדער אונטער 18 יאָר, ציילט דער פאַריין לערך 700 זעלען.

אין יאָר 1918, באַלד נאָכן ערשטן וועלטקריג, האָבן די פאַריינען געגרינדעט אַזויגערופענע רעליף־קאָמיטעטען, וועלכע האָבן צוזיצן זייערע שטאָטלייט געזאַמעלט געלדער כדי צו שטיצן די נויטליידענדע אין זייערע אַלטע היימען. די זאַבלאָטאָווער דאָ האָבן נאַטירליך געטאָן דאָסזעלבע.

מיר האָבן אין אַ קורצער צײַט געזאַמעלט 3000 דאָלאַר און שפּעטער נאָך 2000 דאָלאַר, און דאָס געלד געשיקט קיין זאַבלאָטאָוו, וואו סאיז פאַרטײלט געוואָרן צווישן די נויטלײדנדע.

די מײסטע זאַבלאָטאָווער דאָ זענען געווען איבערצײַגט, אַז דערמיט האָבן זײ געטאָן זײער פולע פליכט, אָבער מאַנכע פון אונז האָבן אײַנגעזען, כי לא על הלחם לבדו יחיה האדם, און אַז סאיז נויטיג, צו גרינדען אין זאַבלאָטאָוו עטוואָס ממשות'דיקס, עטוואָס פאַרן גײַסטיגען אָן קולטורעלען באַדאַרף.

די פאָלגענדע זאַבלאָטאָווער האָבן זיך דעריבער צוזאַמען־געשלאָסן צו אַ באַזונדערער אגודה, מיט דער ספּעציעלער אויפגאַבע צו טון עטוואָס אויף דעם דערמאָנטען געביט: עס זײַנען דאָס געוועזן ישכר טהוי, זינדל שײנהאָרן, יעקב שײנהאָרן, משה הערצאָג (אַ אײדעם פון שמואל טילינגער), אהרון שטרויס, זײדע אַלטמאַן, שלמה יוסף שטאַדלער, משה שאַפער, אברהם'צי אָבערבאַך, משה הירש (אַ אײדעם פון ליטמאַן רײַטער), משה שטאַדלער און מאַקס שטאַדלער. מיר האָבן באַשלאָסען צו גרינדען אין זאַבלאָטאָוו אַ מאָדערנע העברעאישע שול מיט אַ דערבײַיאיגען פאַרזאַמלונגס־לאָקאַל פאַר קולטורעלע און סאָציאַלע רעפעראַטן און אונטערהאַל־טונגס־אָווענדען.

אָט דעם באַשלוס האָבן מיר געלאָזט וויסן צו אײניגע פון די זאַבלאָטאָווער משכילים און ציוניסטען דאָרטן, נתן קערן, מרדכי קאָרן, בן־ציון טהוי און זעליג גרוס, אַזוהן פון דוד הערש שוחט, און געבעטען, אונז מיטצוטײלן זײער מײנונג וועגן דעם פּלאַן און וועלכער בעטראַג עס וועט נויטיג זײַן דערצו.

דער פּלאַן איז אין זאַבלאָטאָוו אויפגענומען געוואָרן מיט פולער צושטימונג. די לויפענדע הוצאות פון פיהרען אַזאַ אינסטי־טוציע זײַנען פּרעלימינירט געוואָרן מיט 60 דאָלאַר מאָנאַטליך, וועלכע מיר וועלען מוזן שיקן. אַחוץ דעם מוז די אַמעריקאַנער אגודה שיקן געלד פאַר אײַנריכטונג פון לאָקאַל און פאַר די נויטיגע לערביכער און רעקוויזיטען. דאַגעגן וועלען די אָרטיגע זאַבלאָטאָווער

מיט זייערע אייגענעם ביישטייער דעקען די הוצאות פארן לאָקאַל און דאָס געהאַלט פאַר אַ לערער און אַ שולדינער.

מיר האָבן תיכף אַקצעפּירט דעם פאָרשלאַג און אויך אריינגע־שיקט פאַר דער איינריכטונג. זיי האָבן באַלד גענומען אַ לאָקאַל, איינגענומען לערער און געעפענט די שול. מיר פון אונזער זייט האָבן פּינקטליך יעדען חודש געשיקט די צוגעזאָגטע 60 דאָלאַר, חוץ עקסטראַ־געלד פאַר הוצאות וואָס מהאָט פריהער ניט געקענט פאראויסזען, און די שול האָט זיך געפירט זעהר שיין און געמאַכט גוטע פאָרטשריטען.

נאָך צוויי יאָר צייט האָבן די שול־לייטער אונז געלאָזט וויסען, אַז דאָס לאָקאַל איז צו־קליין און זיי נויטיגען זיך אין אַ צווייטען לערער, ווייל די צאָל תלמידים איז געוואַקסען. זיי האָבן אונז געמאַכט דעם פאָרשלאַג, צו קויפען פאַר דעם צוועק דאָס הויז פון פוילישען דאָקטאָר ליטץ, וועלכעס מוז קאָסטען 4000 דאָלאַר. טויזענד דאָלאַר זענען זיי גרייט בייצושטייערן און מיר זאָלען געבען 3000 דאָלאַר. אַחוץ דעם זאָלען מיר העכערן אונזערע מאָנאַטליכע ביישטייערונג מיט 20 דאָלאַר פארן צווייטען לערער.

נאָך אַ ישוב הדעת האָבן מיר באַשלאָסן, איבערצוגעבען די גאַנצע אַנגעלעגענהייט דעם קוזין פון ישכר טהוי, דעם ד״ר אַלעק־סאַנדער ריטערמאַן, אַ פראָמינענטער אַדוואָקאַט און צו יענער צייט פּרעזידענט פון דער אידישער קהלה אין סטאַניסלוי און אַ פירער פון די ציוניסטען אין פוילען.

ד״ר ריטערמאַן איז אַריבערגעפאָרן קיין זאַבלאָטאָוו, וואו ער האָט אונטערזוכט די זאַך און אונז דאַן צוגעשיקט אַ גינסטיגען ראַפּאָרט. ער האָט אונז דערביי צוגעזאָגט, אַז אויב מיר וועלען קויפן דאָס הויז און פאַרגרעסערן די שול, וועט ער די דאָזיגע אינסטיטוציע שטענדיג בעאויפזיכטיגען, ער וועט אויפנעמען די לערער און אַכטונגגעבען, אַז די שול זאָל זיך גוט פירען.

מיר האָבן צוגעשיקט דאָס געלט און ער האָט דאָס הויז געקויפט. צוליב דעם וואָס די פוילישע געזעצען האָבן ניט דערלויבט אויסלענדער צו קויפען רעאַליטעטען אין פוילען, האָט ד״ר ריטער־

מאַן פיגורירט אַלס קונה פונם הויז און דאַן געגעבען ישכר טהוי אַ טאַבולאַציע אויף 3000 דאָלאַר.

אַריבערגעצויגען־זיך אין נייעם לאָקאַל, איז די שול פאַר־גרעסערט געוואָרן און סאיז אויפגענומען געוואָרן נאָך אַ לערער. פון דאַן אָן האָבן מיר געשיקט 80 דאָלאַר יעדען חודש, חוץ דעם געדעקט חשבונות פאַר מער־איינריכטונג און אַנדערע הוצאות, בסך הכל לערך הונדערט דאָלאַר דעם מאָנאַט.

די ערשטע 3—4 יאהר האָט זיך די שול שיין געפירט און געהאַט אַ גרויסען סוקסעס, שפּעטערצו איז די פירונג געווען ניט ווי פריהער, אָבער די שול האָט דאָך פונקציאָנירט און מער־ווייניגער דערפילט די אויפגאַבע וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט, נעמליך אַרונטערצונעמען די אידישע קינדער פון דער גאַס, צו געבען זיי אַביסל אידישע בילדונג און וועלטליכן שליף, ווי אויך געבען פאַר דער דערוואַקסענער יוגענד אַ פּאַסיגען לאָקאַל וואו אָבצוהאַלטען ציוניסטישע און קולטורעלע פאַרזאַמלונגען.

די שול האָט עקזיסטירט און פונקציאָנירט די גאַנצע צייט, ביז אָנפאַנג דער צווייטער מלחמה.

דאָס איז מער־ווייניגער די היסטאָריע פון דער העברעאישער שול אין זאַבלאָטאָוו. מעגליך, אַז איך האָב ניט גענוי איבערגעגעבן מאַנכע איינצעלהייטן, איך קאָן אָבער פאַרזיכערן, אַז די הויפּט־פאַקטן און ציפערן זענען גענוי און קאָרעקט.

# נאָכוואָרט

אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די זאַבלאָטאָווער אין ארץ־ישראל, וואָס איז פאָרגעקומען אין תל־אביב זאת־חנוכה תש״ו, דעם פערטן יאָרצייט פון דער ערשטער נאַצישער „אַקציע״ אין זאַבלאָטאָוו, איז געוואָרן באַשלאָסן, אַרויס־צוגעבן אַ זאַמלבוך, וואו עס זאָלן רעגיסטרירט און פאַראייביגט ווערן די געשעענישן פון אונזער זאַבלאָטאָווער קהלה און איר געשיכטע ביז צו אירן ביטערן סוף. אונזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן צוגעשטימט צו דעם פלאַן און אויך אַסך מיטגעהאָלפן פינאַנסירן די דאָזיקע אויסגאַבע.

מאיר ה ע נ י ש און ג. ק ר ע ס ע ל, זיינען געוואָרן באַשטימט דורכ־צופירן דעם דערמאָנטן באַשלוס, און זיי גיבן איבער אַצונד דעם געדרוקטן זאַמלבוך דער עפענטלעכקייט.

די אַרויסגעבער האָבן געהאַט צו קעמפען מיט אַסך שוועריקייטן און עיכובים. אַסך זאַבלאָטאָווער, דאַרונטער אַזעלכע וואָס האָבן צוגעזאָגט מיטאַרבעט, האָבן זיך דאַן ניט אָפגערופען. דערצו איז געקומען די מלחמה און דאָס פאַרנומען־זיין פון די אַרויסגעבער, אַזוינס וואָס האָט געשטערט די דורכפירונג פונם פלאַן.

די שילדערונגען וועגן אונזער שטאָט און אירע אידן זיינען בלי ספק ניט פולשטענדיק, און ס׳זיינען זיכער אַדורכגעלאָזן געוואָרן ניט ווייניג וויכטיגע פערזאָנען און מאָמענטן, וואָס האָבן געדאַרפט דערמאָנט ווערן. אָבער, צום באַדויערן האָבן מיר ניט געהאַט קיין אַנדערן היסטאָרישן און סיסטעמאַטישן מאַטעריאַל וועגן דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט פון אונזער שטאָט, ווי נאָר די אויפצייכנונגען פון ר׳ אברהם ק י י ש, וועלכע גיבן אונז דאָך, אַ דאַנק דעם פענאָמענאַלען זכרון פונם מחבר, זייער אַ געלונ־גענעם, כמעט פאָטאָגראַפישן פאָרטרעט פון דער שטאָט מיט אירע אידן.

דער זאַמלבוך איז איןביידע שפּראַכן, עברית און אידיש, צוליב דעם פאַרלאַנג פון אונזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע, וועלכע האָבן די גאַנצע צייט אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס פאַר דעם פלאַן, דאַרונטער באַזונדערס ר׳ ישכר ט ו י ז״ל, וועלכער איז אינצווישן נפטר געוואָרן ניט־

האַבנדיג די זכיה צו זען דעם זאַמלבוך, און אים, צו לאַנגע יאָר, ר׳ זונדל ש י י נ ה אָ ר ן.

ס׳איז אונז ניט באַשערט געווען צו שאַפן אַ דענקמאָל פאַר דער פאַר־גאַנגענהייט פון דער זאַבלאַטאָווער קהלה בעת אירע אידן זיינען דאָרט נאָך געווען ביים לעבן. און ווען מיר טוען דאָס איצט, נאָכדעם ווי דער צורר־היהודים, ימ״ש, האָט זיי אינגאַנצן פאַרטיליגט, זאָל אָט דער זאַמלבוך, ניט־פולשטענדיק, ווי ער איז, זיין אַ מצבת־זכרון פאַר די אַלע קדושים וטהורים פון דער קהלה קדושה זאַבלאָטאָוו, סיי די וואָס זייער נאָמען איז יאָ דערמאָנט סיי ניט, פאַר אַלע די וואָס זיינען געווען דער לעצטער רונג אין דער לאַנגער, ניט־איבערגעריסענער קייט פון איר געשיכטע.

